# פיר
# דרשות

פון

יוסף דוב הלוי סאָלאָווייטשיק

(פולער און אויטאָריזירטער טעקסט פון
פיר רעדעס פונים רב, שליט"א, וועגן
אַקטועלע פּראָבלעמען פון אונזער צייט)



מכון
טל
אורות

ניו־יאָרק תשכ"ז



עס איז פאַר אונז אַ גרויסער זכות צו ברענגען צום אידישן עולם דעם פולן און אויטאָריזירטן טעקסט פון די רעדעס, וואָס הגאון ר׳ יוסף דוב הלוי סאָלאָווייטשיק, שליט״א, האָט געהאַלטן אויף עטלעכע לאַנד־קאָנפערענצן פון דער רעליגיעז־ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע, מזרחי־הפועל המזרחי.

די דאָזיקע רעדעס, הגם זיי זיינען געהאַלטן געוואָרן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, האָבן ניט פאַרלאָרן פון זייער אַקטואַליטעט. דערפאַר האָבן מיר די רעדעס ניט דאַטירט און זיי ניט אַראַנזשירט לויט׳ן כראָנאָלאָגישן סדר.

ביי דער געלעגנהייט ווילן מיר אויסדריקן אונזער טיפע דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג צו איינעם פון די פריינט פונ׳ם רב, ה׳ אסקאר גרוס, פאַר דערמעגליכן אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע ווערק און עס צו פאַר־שפרייטן צווישן די אידישע מאַסן אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער.

ניו־יאָרק, תשכ״ז

דוד טעלזנער

„מכון טל־אורת״

# אינהאַלט

# ברית אבות

## א.
## שחורה אני ונאוה

„כי תכלה לעשר את כל מעשר תבואתך בשנה השלישית שנת המעשר ונתת ללוי לגר ליתום ולאלמנה ואכלו בשעריך ושבעו. ואמרת לפני ה' אלקיך בערתי הקודש מן הבית וגם נתתיו ללוי ולגר ליתום ולאלמנה ככל מצותך אשר צויתני, לא עברתי ממצותיך ולא שכחתי. לא אכלתי באני ממנו ולא בערתי ממנו בטמא ולא נתתי ממנו למת, שמעתי בקול ה' אלקי עשיתי ככל אשר צויתני". (דברים כו, יב־יד)

די פרשה זאָגט אַ איד צוויי מאָל אין אַ שמיטה־מחזור, דעם פערטן און דעם זיבעטן יאָר, ווען ער פאַרענדיקט דעם סדר המעשרות. (עס איז דאָ אַ מחלוקת צווישן רמב"ם און ראב"ד, אויב די קריאה פון דער פרשה מוז אומבאַדינגט פאָרקומען אין בית־המקדש).

אין זאַך ציט אונזער אויפמערקזאַמקייט, נעמליך: אַ הלכה'שער טערמין. די משניות אין מעשר שני, אויך אין סוטה, און די גמרא, אין אַ סך ערטער, רופן אָן די קריאת הפרשה — „בערתי הקודש מן הבית" — וידוי מעשר. די משנה אין סוטה זאָגט: „אלו נאמרין בכל לשון: פרשת סוטה, וידוי מעשר וק"ש וכו'". די משנה אין מעשר שני, פ"ה, משנה י', באַנוצט זיך אויך מיט דעם זעלבן טערמין: „במנחה ביו"ט האחרון היו מתודין. כיצד היה הוידוי". דער טערמין דערשיינט אויך אין משניות י"א, י"ב, י"ד: „הא אם הקדים מעשר שני לראשון, אינו יכול להתודות", „הא אם אכלו באנינות אינו יכול להתודות" „מכאן אמרו: ישראל וממזרים מתוודים וכו'". הכלל, אין אַלע מקורות ווערט די קריאת הפרשה באַטראַכט אַלס וידוי.

אין פלוג איז דער נאָמען „וידוי" ניט פּאַסנדיק פאַר דער פּרשה. מיר ווייסן וואָס וידוי שטעלט מיט זיך פאָר: מודה זיין זיך, אַז מען האָט געזינדיגט, באַגאַנגען חטאים, געמאַכט טעות'ן. מיר ווייסן אַלע וואָס וידוי יום הכיפורים מיינט (סיי וידוי זוטא — „אבל אנחנו ואבותינו חטאנו" סיי ווידוי אריכתא — „על חטא"): אַן אַקט פון אונ'רחמנות'דיקער באַשולדיגונג און זעלבסט־פאַרדאַמונג. אָבער אין דער פּרשת המעשרות ווערט ניט דערציילט וועגן חטאים, נאָר פאַרקערט: וועגן מצוות און מעשים טובים. דער איד באַרימט זיך, אַז ער האָט ניט עובר געווען אפילו אויף איין געבאָט און ער האָט מקיים געווען די מצוות המעשרות כדת וכדין; „ככל מצותך אשר צויתני, לא עברתי ממצותיך ולא שכחתי; שמעתי בקול ה' אלקי עשיתי ככל אשר צויתני". די גמרא אין סוטה פאַרגלייכט די פּרשת המעשרות מיט אמירת שבחו של אדם. פונדעסטוועגן האָבן אונזערע חכמים ז"ל אַ נאָמען געגעבן דער קריאת הפּרשה ווידוי! וואָס פאַר אַ ווידוי איז עס? ווי קען שבחו של אדם זיין גלייכצייטיק אויך ווידויו של אדם?

אין אָט־דער נאמענקלאטור ליגט פאַרבאָרגן אַ יסוד אין מחשבת היהדות בנוגע תשובה און ווידוי. תשובה באַרוט אויף צוויי יסודות: 1. אויף דעם כח אין מענטשן צו קענען זיך אַליין באַשולדיקן, זיין פייאיק זיך צו באַטראַכטן אַלס אומווירדיק און נידעריק. אין אונזער דערקלערונג יו"כ „ואתה צדיק על כל הבא עלינו, כי אמת עשית ואנחנו הרשענו", קומט צום אויסדרוק דער וואונדערליכער כח פון פולער, אומבאַגרעניצטער זעלבסט־באַשולדיקונג. 2. אויף דעם גרויסן כשרון פון יעדן יחיד, זיך אַליין צו מטהר זיין, צו באַגרייפן די אומבאַגרעניצטע באַהאַלטענע גייסטיקע כחות, וואָס געפינען זיך אין דער מענטשליכער פּערזענליכקייט (איינשליסנדיק אפילו דער גרעסטן חוטא) וועלכע שטופּן איר אין דער ריכטונג צוריק צום רבש"ע, אויף דער יכולת פון מענטשן צו שטייגן און צו דערהויבן זיך צו די גרעסטע הויכן, אויב ער האָט נאָר דעם רצון דערצו, אפילו נאָכדעם ווי ער האָט אַראָפּגעזונקען אין אַ טיפן תהום פון טומאה. דער צווייטער יסוד איז פונקט אַזוי וויכטיק, ווי דער ערשטער. אַ מענטש, זעלבסטפאַרשטענדליך, קען ניט טאָן קיין תשובה, אויב ער האָט ניט דעם מוט זיך צו באַשולדיקן און פאַרדאַמען. אָן הכרת החטא איז ניטאָ קיין חרטה. פון דער אַנדער זייט, אָבער, קען מען זיך ניט פאָרשטעלן הכרת החטא און קבלה להבא אויב דער מענטש האָט ניט קיין אמונה אין זיינע אייגענע שעפערישע פייאיקייטן און ער גלויבט ניט אין זיינע כשרונות און כחות הנפש, וואָס וועלן אים העלפן זיך אַליין מקדש צו זיין. אויב ער מיינט, אַז ער איז הילפלאָז און ממילא אונטערטעניק צו נאַטירליכע מעכאַנישע כחות, אויב ער איז ניט איבערצייגט

אין דער פרייהייט פון דער מענטשליכער שעפערישער טאט — דאמאָלסט קען ער דאָך ניט פילן זיין שולד, און עס איז ניטאָ קיין גרונט צו דערוואַרטן, אַז ער וועט זיך ענדערן. אין דער גדלות האדם איז אַנטהאַלטן דער גרעסטער באַשולדיקונגס־אַקט און פון איר קומט אויך דער רוף צו תשובה. אויב דער מענטש קוקט אויף זיך ווי אויף אַן אומצעכטיקער באַשעפע־ניש, דאַן איז די לאַגע פונ׳ם חוטא האָפנונגסלאָז, און דאַן וואָלט די טענה פון די אידן „כי פשעינו וחטאתינו עלינו ובם אנחנו נמקים״, געווען אַ באַרעכ־טיקטע.

יעדער ווידוי דריקט זיך אויס אין דעם אויסגעשריי: „שחורה אני ונאוה בנות ירושלים״. ווען מען זעט ניט די „נאוה״, קען מען אויך ניט באַמערקן די „שחורה״. עס איז ניט קיין אונטערשייד ווי מען שרייט אויס: „שחורה אני ונאוה״, אָדער „נאוה אני ושחורה בנות ירושלים״. וויכטיק איז נאָר, אַז דער חוטא זעט זיך פון צוויי אַנטקעגנגעזעצטע געזיכטספונקטן — ביטול היש און גדלות היש. דעריבער איז שבחו של אדם, פונקט ווי גנותו, אַ טייל פון ווידוי. דערפאַר ווערט די פרשה „שמעתי בקול ד׳ אלקי עשיתי ככל אשר צויתני״ באַטראַכט אַלס ווידוי. דער מענטש דערקלערט דורך דער קריאת הפרשה, אַז ער איז פיאיק צו לעבן, אין איינקלאַנג מיט דעם רצון פון רבש״ע, חיי קדושה וטהרה. אויב ער האָט אַרויסגעוויזן זיין כח צו דערפילן דעם רצון פון הקב״ה אין אַסך שווערע סיטואַציעס, ממילא האָט מען אַ רעכט פון אים צו פאָדערן, אַז אָט־דעם כח זאָל ער דעמאָנסטרירן אונטער אַלע אומשטענדן. דער פועל יוצא איז, אַז דער וועלכער זאָגט „עשיתי ככל אשר צויתני״, איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר טעות׳ן בנוגע אַסך זאַכן, וואו ער האָט פאַרנאַכלעסיקט זיין פליכט און וואו ער האָט געהאַנדלט ווי שחורה, און ניט ווי נאוה. אויב ער שטעלט פעסט מיט שטאָלץ „עשיתי ככל אשר צויתני״, וועט ער אויך זיין פיאיק צוצוגעבן מיט הכנעה: לא עשיתי ככל אשר צויתני.

ווי שיין דערציילט רש״י אין נאָמען פון מדרש אויפ׳ן פסוק: „ויעש את הכיור ואת כנו נחושת במראות הצובאות — בנות ישראל היו בידן מראות, שהיו מתקשטות בהן וכו׳ והיה משה מואס בהם, מפני שעשוין ליצר הרע, א״ל הקב״ה: קבל, כי אלו חביבין עלי מן הכל״. משה האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי קענען די זעלבע שפיגלען, וואָס די פרויען פלעגן באַנוצן בשעת זיי פלעגן זיך פוצן פאַר זייערע מענער און בשעת מעשה הנאה האָבן פון זייער אייגענער שיינקייט, זיך אַריינפאַסן אין כיור לעבן מזבח, וואו אַ איד ברענגט דעם קרבן חטאת אויף וועלכן ער זאָגט ווידוי מיט אַ צובראָכן האַרץ? ווי קען דער „נאוה״ פון די שפיגלען האַרמאָניזירן מיט דעם געפיל פון

„שחורה‟, מיט וועלכן דער צוגאַנג צום מזבח איז פאַרבונדן. אָבער דער רבש״ע האָט געזאָגט: „קבל, משה!‟ די פרוי וועלכע וויס אַז זי איז שיין, אַז זי איז געוועז בכח אין מצרים, אין ביטערן, פינסטערן גלות, צו טרייסטן און שטאַרקן איר מאַן און צו דערציען אַ דור פון צמאי־גאולה, די זעלבע פרוי, ווען זי זאָל זינדיקן, וועט זי איר וידוי זאָגן מיט הייסערע טרערן און מיט מער טרויער און חרטה, ווי אַן אַנדער פערזאָן. די פרוי וועט געדיינקען וואָס זי האָט געלייסטעט אין מצרים „תחת התפוח‟, און דער שולד־געפיל וועט מער דריקן אויף איר געוויסן.

## ב.

## קדושת אבות און קדושת סיני

רבותי! היינט ביינאַכט וויל איך אַנווענדן די מעטאָדע פון וידוי מעשר. מיר וועלן אָנהויבן מיט דעם „לא עברתי ממצותיך‟ און כ׳האָף אַז מיר וועלן שפּעטער צוקומען צום „עברתי‟. „נאוה אני ושחורה, בנות ירושלים!‟ לאָמיר אַ קוק טאָן אין די מראות הצובאות, אויף אונזערע ביישטייערונגען צו גאולה, תחת התפוח, אָפּשאַצן אָביעקטיוו וויפיל מיר האָבן אויפגעטאָן, און אפשר וועלן מיר קענען אויסשרייען הויך: „נאוה אני!‟ דערנאָך לאָמיר אויפהיינגען די מראות הצובאות לעבן דעם מזבח, אַריינקוקן אין זיי אין אַ שטימונג פון הכנעה און אפשר וועלן מיר דאַן קענען באַגרייפן וויפיל מיר האָבן געקענט לייסטן, און מיר האָבן ניט געלייסטעט. מיט איין וואָרט: מיר וועלן אָנהויבן מיט „נאוה‟ און פאַרענדיקן מיט „שחורה‟.

ווי זעט אויס די „נאוה‟ אין די מראות הצובאות? וועלכע מעשים טובים האָבן מיר יע געטאָן, וועגן וועלכע מיר קענען זאָגן: „עשיתי ככל אשר צויתני‟?

איך וויל זיך ניט אָפּשטעלן אויף פּרטים. מיר וויסן אַלע וואָס אונזער באַוועגונג האָט געשאַפן. מיר פאַרמאָגן צענדליקע קבוצים און נקודות; קרוב צו 40 פּראָצענט פון די קינדער באַזוכן די רעליגיעזע שולן, וואָס מיר האָבן געגרינדעט; עניני אישות וגירות ווערן קאָנטראָלירט 99% דורך די רבנים, ד. ה. ווערן געפירט על פי חוקי התורה; כשרות איז איינגעפירט אין אַלע אַרמיי אָפּטיילונגען; מיר האָבן פאַרשטייער אין דער כנסת און אין דער רעגירונג, וועלכע קעמפן אויף יעדן שריט און טריט פאַר קדשי ישראל, א. א. וו. בקיצור: די לייסטונגען זיינען אויף אַ סך געביטן און באַדייטנדיק.

היינט אָוונט, אָבער, וויל איך ריידן ניט וועגן אינסטיטוציעס, נאָר

וועגן השקפת עולם. איין בליק אין די „מראות הצובאות" וועט אונז איבערצייגן, אַז אויך אויף דעם געביט קענען מיר מיט רעכט זאָגן „נאוה אני", ווייל מיר האָבן אסך מחדש געווען און אסך בייגעשטייערט צו דער אידיש־רעליגיעזער השקפת עולם.

אונזער באַוועגונג איז דערשינען ווי אַ מושיע און אַ גואל פון אַ מצוה, וואָס איז, באַנוצנדיק זיך מיט אַ טערמין פון ספרי מוסר, געווען אַ „מצוה יתומה". „הכל במזלא תלוי, אפילו ס"ת שבהיכל" (זהר, נשא קל"ד; תיקוני זהר, קס"ט) — עס זיינען דאָ מצוות מיט מזל, און עס זיינען דאָ מצוות אָן מזל, ממש יתומות.

די מצות ישוב ארץ־ישראל איז איינע פון די מצוות, וואָס האָט געהאַט גאָר אַ שלעכטע מערכה ביי אונז אידן, אַזוי אַז זי קען קלאַסיפיצירט ווערן אַלס אַ מצוה יתומה. איך רייד ניט וועגן מיטל־אַלטער, ווען פאָרן קיין ארץ־ישראל און זיין דאָרטן איז געווען בגדר סכנה, ווי תוספות אין כתובות ק"י דריקט זיך אויס: „אינו נוהג בזמן הזה, דאיכא סכנת דרכים". איך באַצי זיך אויף מאָדערנע צייטן. די מצוה האָבן אידן ניט מקיים געווען ווי עס דאַרף צו זיין. ווען אידן וואָלטן באַצייטנס געהעריק מקיים געווען די מצוה אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב, וואָלטן זיך געראַטעוועט הונדערטער טויזנטער אידן אין דער צייט פון די קאַטאַסטראָפע־יאָרן. אונזער באַוועגונג איז אפשר געווען די איינציקע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין מאָנען און טענה׳ן, אַז אידן זאָלן עולה זיין קיין ישראל. און אויך היינט פאַרלאַנגט אונזער באַוועגונג פון רעליגיעזע אידן עליה קיין ישראל. אָבער דער גרויסער פאַרדינסט פון דער באַוועגונג ליגט ניט אין פערזענליכן מאָנען פון יחידים, נאָר אין דעם וואָס זי האָט ניי־דעפינירט און ניי־פאָרמולירט די מצות ישוב א"י און איר אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון אונזערע השקפת עולם. מיר האָבן פשוט אויסגעלייזט אידעאָלאָגיש־ געדאַנקליך די מצוה פון איר יתמות און עלנט.

וואָס האָבן מיר מחדש געווען בנוגע דער מצוה פון ישוב הארץ? ערשטנס, מיר זיינען געווען די ערשטע וועלכע האָבן דערקלערט, אַז די עטאַב־לירונג פון דער מדינה איז הלכה׳יש וויכטיק, ווייל ערשט דורך איר וועלן מיר זיין בכח צו דערפילן די מצוה פון ירושה וישיבה. מיר האָבן געזאָגט, אַז די מצוה ווערט מקוים ניט בלויז דורך דעם ווירטשאַפטליכן אויפבוי פון לאַנד, נאָר אויך דורך דעם פּאָליטישן קאָנטראָל איבער איר.

די עקסיסטענץ פון מדינת ישראל און דער פאַקט אַז אידן — ניט ענגלענדער — קאָנטראָלירן די אימיגראַציע, אַז אידן, ניט אַראַבער, זיינען די פּאָליטישע בעלי־בתים אין לאַנד, אַז עס דאָ אַ אידישע ממשלה, פּאָליציי און אַרמיי — שטעלט מיט זיך פאָר די

גרעסטע דערפילונג פון מצות ישוב ארץ־ישראל. לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז די מצוה שטאַמט פון גזירת הכתוב: „והורשתם את הארץ וישבתם בה״ — און זי הייסט ירושה וישיבה. ירושה מיינט פשוט דעראָבערונג, מלוכה־קאָנטראָל. ישיבה באַדייט עקאָנאָמישע רעקאָנסטרוקציע. די ביידע האַנדלונגען רעפּרעזענטירן די צוויי יסודות פון דער מצוה. דער רמב״ן האָט שוין פאָרמולירט דעם אמת, אַז פּאָליטישער קאָנטראָל איבער ארץ־ישראל איז איינער פון די יסודות פון ירושה וישיבה. „שנצטווינו לרשת את הארץ אשר נתן הא־ל לאבותינו וכו׳ ואל נעזבה ביד זולתנו מן האומות או לשממה. ואני אומר כי המצוה שחכמים מפליגים בה והיא דירת א״י וכו׳ הכל הוא ממצות עשה היא שנצטווינו לרשת הארץ ולשבת בה״. קיינע פּשט׳לעך קענען ניט אויסטייטשן אַנדערש די רייד פון רמב״ן. אונזער באַוועגונג האָט עס פאַרשטאַנען, און האָט אַקצעפּטירט די עקסיסטענץ פון דער מלוכה אַלס אַ רעליגיעזער גרונט־ווערט אין אונזער ווערט־סיסטעם.

אמת, מיר זיינען ניט אַלע מאָל צופרידן מיט באַשטימטע האַנדלונגען און מעטאָדן פון דער רעגירונג. אָבער דאָס פאַרמינערט ניט די חשיבות פון מדינת ישראל אַלס אינסטרומענט פון דער פאַרווירקליכונג פון ירושת הארץ. מיר געדיינקען שטענדיק, אַז אַ רעגירונג איז ניט די מלוכה; אַ רעגירונג קומט, אַ רעגירונג גייט אַוועק, מושל הולך, מושל בא — והארץ — והמלוכה — האָפן מיר צום רבש״ע, לעולם עומדת!

בלויז אונזער באַוועגונג האָט זיך אַרויסגעזאָגט אָפן און קלאָר פאַר מדינת ישראל און איר געגעבן די סאַנקציע פון דער הלכה. אַנדערע רעליגיעזע באַוועגונגען חקירה׳ן זיך נאָך וועגן אַ כלומר׳שטן ספק־ספיקא. ערשטנס, צי מדינת ישראל עקסיסטירט בכלל, און, צווייטנס — אויב זי איז יאָ דאָ, צי מען דאַרף איר מקבל זיין באהבה אָדער ניט. ממילא ווערן זיי פון צייט צו צייט פאַרוויקלט אין פּאַראַדאָקסאַלע שאלות. אָט, למשל, האָבן זיי זיך גע׳ספק׳ט ניט לאַנג צוריק, צי מ׳מעג אַרויסהיינגען די בלוי־ווייסע פאָן פון מדינת ישראל. נאָך אַ לאַנגער שקלא וטריא האָט מען אָפּגע׳פסק׳נט לקולא; מען האָט געגעבן אַ הכשר אויף אָט־דער פאָן, דורכדעם וואָס מ׳האָט איר אַרויסגעהאָנגען צוזאַמען מיט אַנדערע פאָנען, ווי למשל, מיט דעם „יוניאָן דזשעק״, אונטער וועלכן ענגלישע שיפן האָבן פּאַטרולירט אין די ביטערע, פינסטערע פּערציקער יאָרן די ברעגן פון ארץ־ישראל, כדי צו פאַרהיטן, אַז די אַנטרונענע פון היטלער׳ס קאָנצענטראַציע־לאַגערן זאָלן זיך ניט אריינ׳גנב׳נען אין לאַנד און אונטער וועלכן די זעלבע ענגלישע שיפן האָבן געזונקען די „שטרומא״ און די „פּאַטריאַ״.

אַלס מאמר המוסגר וויל איך עפּעס צולייגן. אויב איר וועט מיך פרעגן, ווי באַטראַכט איך, אַ גמרא איד, די פאָן פון ישראל, און צו האָט זי אין מיינע אויגן אַן הלכה׳שן ווערט, וועל איך איך ענטפערן פשוט: בכלל גלויב איך ניט אין דעם פעטיש פון אַ פאָן און ענליכע צערעמאָניאַלע עמבלעמען, ווייל יהדות האָט געקעמפט קעגן דער אבסאָלוטירונג פון פיזישע אָביעקטן. אָבער לאָמיר פונדעסטוועגן ניט פאַרקוקן אַ דין אין שלחן ערוך, אַז „הרוג שנהרג בידי עכו״ם, קוברין אותו בבגדיו, כדי שיראה את דמו ויקום, שנא׳ ,ונקיתי דמם לא נקיתי׳ ״. אין אַנדערע ווערטער, די בגדים פון אַ אידן קריגן אַ מין קדושה־קוואַליטעט, אויב זיי זיינען באַפלעקט מיט מאַרטירער־בלוט. הדברים ק״ו בן־בנו של ק״ו בנוגע דער ווייס־בלויער פאָן, וואָס איז איינגע־טונקט געוואָרן אינ׳ם בלוט פון טויזנטער אידישע יונגעלייט, וועלכע זיינען געפאַלן אין מלחמת השיחרור פאַרטיידיקנדיק דאָס לאַנד און דעם ישוב (די רעליגיעזע און אויך די פרייע אידן אָן אונטערשייד, ווייל דער מופטי, י״ש וואָלט ניט מבדיל געווען), אַז זי האָט אַ ניצוץ פון הייליגקייט, וואָס שטאַמט פון מסירת־נפש און מאַרטירערטום, און מיר אַלע דאַרפן איר רעס־פעקטירן און זיך באַציען צו איר מיט אַ געפיל פון דרך ארץ. זי נויטיגט זיך ניט אין אַ הכשר פון דעם גוי׳שן „יוניאָן דזשעק״!

צווייטנס, מיר, מזרחים, פאַרשטייען דעם סוד פון ישוב הארץ אין אַ גאַנץ אַנדערן קשר. כדי דאָס מסביר צו זיין וויל איך ציטירן אַ גמרא אין כתובות (ק״י, ב) און אַ רש״י אין תומש. ת״ר: לעולם ידור אדם בא״י, אפילו בעיר שרובה עכו״ם, ואל ידור בחו״ל, אפילו בעיר שרובה ישראל; שכל הדר בא״י דומה כמי שיש לו א׳ וכל הדר בחו״ל דומה כמי שאין לו א׳, שנאמר: „לתת לכם את ארץ כנען להיות לכם לא׳ ״. וכל שאינו דר בא״י אין לו א׳? אלא לומר לך, כל הדר בחו״ל כאילו עובד עבודת כוכבים, שכן בדוד הוא אומר: „כי גרשוני היום מהסתפח בנחלת ה׳ לאמר לך עבוד אלהים אחרים״. די מסקנה איז, אַז דער פסוק: „לתת לכם את ארץ כנען להיות לכם לא׳ ״ דאַרף ניט אויסגעטייטשט ווערן אין בוכשטעבליכן זין, אַז „הדר בחוץ־לארץ דומה כמי שאין לו א׳ ״, נאָר אין אַ סימבאָלישן זין פון „כל הדר בחוץ־לארץ כאילו עובד עבודת כוכבים״ („ישראל שבחוץ־לארץ עובדי עבודה זרה בטהרה״), אין איינקלאַנג מיט׳ן פסוק פון תהלים: „כי גרשוני היום מהסתפח בנחלת ה׳ לאמר לך עבוד אלהים אחרים״. וכו׳. אינטערעסאַנט איז, אַז רש״י אין חומש, אין פ׳ לך־לך, אויפ׳ן פסוק: „ונתתי לך ולזרעך אחריך את ארץ מגורך את כל ארץ כנען לאחוזת עולם והייתי לכם לא׳ ״, זאָגט: „אבל הדר בחו״ל, כמי שאין לו א׳ ״. פרעגט זיך: אין דער ברייתא איז דאָך אָפּגעוואָרפן געוואָרן די בוכשטעבליכע אינטערפּרעטאַציע פון דעם פסוק אין ויקרא, פאַרוואָס האָט זי רש״י אַנגעווענדעט אויף דעם פסוק אין לך־לך?

נאָך עפּעס איז מערקווירדיק: אין פּרשת בהר, אויפ׳ן פּסוק וואָס איז ציטירט דורך דער ברייתא „להיות לכם לאלקים״, קוואָטירט רש״י אַ תו״כ: „שכל הדר בא״י אני לו א׳, וכל היוצא ממנה כעובד עכו״ם״. אין ויקרא האָט ער איבערגעגעבן דעם לשון הברייתא אין הסכם מיט דער מסקנה, בשעת אין לך־לך איז ער מעתיק דעם לשון בוכשטעבליך, אָן דער שפּעטערדיקער קאָרעקטור.

(אין תוספתא ע״ז, פּ״ה, איז דער נוסח אַביסל אַנדערש: „הרי הוא אומר, ,ושבתי בשלום אל בית אבי׳, שאין תלמוד לומר ,והיה ה׳ לי לא׳ ׳; ואומר ,לתת לכם את ארץ כנען להיות לכם לא׳ ׳ — כל זמן שאתם בארץ כנען הריני לכם א׳, אין אתם בארץ כנען איני לכם לא׳ וכו׳. וכן דוד אמר ,כי גרשוני היום מהסתפּח בנחלת ה׳ לאמר לך עבוד אלהים אחרים׳, וכי תעלה על דעתך שדוד המלך עובד עבודת כוכבים! אלא שהיה דוד דורש ואומר: כל המניח את ארץ־ישראל — בשעת שלום — ויוצא, כאילו עובד עבודת כוכבים וכו׳. ר׳ שמעון בן אלעזר אומר, ישראל שבחוץ־לארץ עובדי עבודה־זרה בטהרה וכו׳. אין אָט־דער נוסחא ווערט די ערשטע פאָרמולירונג נישט קאָרעגירט. אדרבה, זי ווערט פאַרגליכן מיט דער צווייטער פאָרמולירונג פון „כל המניח את ארץ־ישראל — בשעת שלום — ויוצא, כאילו עובד עבודת כוכבים״. ביי אונז אין דער גמרא ווערט די פראַזע „כמי שאין לו א׳ ״ קאָרעגירט און אַנשטאָט איר נעמט אָן די ברייתא די צווייטע פאָרמולירונג — „כאילו עובד עבודת כוכבים״. נאָך אַ צווייטער שנוי איז דאָ אין דערזעלבער ברייתא פון דער תוספתא. בשעת אין דער ברייתא אין דער גמרא ווערט נאָר געבראַכט דער פּסוק פון ויקרא, באַנוצט זיך די ברייתא אין דער תוספתא מיט׳ן פּסוק פון יעקב׳ן „ושבתי בשלום אל בית אבי״. גאַנץ מעגליך, אַז אין דער ברייתא אין דער גמרא ווערט די פאָרמולירונג „כמי שאין לו א׳ ״ קאָרעגירט, ווייל זי שטיצט זיך אויף אַ פּסוק נאָך מתן־תורה, בשעת אין דער ברייתא פון דער תוספתא, וואָס אָפּערירט אויך מיט אַ פּסוק פון יעקב׳ן פון פאַר מתן־תורה, ווערט דערזעלבער אויסדרוק אָנגעהאַלטן).

מיר ווייסן אַלע די שיטת הרמב״ן (וועלכע ער האָט פאָרמולירט אין עטליכע ערטער: בראשית כ״ו, ה; מ״ח, ז; ויקרא י״ח, כ״ה), אַז די אבות און די שבטים האָבן מקיים געווען מצוות כל־זמן זיי זיינען געווען אין ארץ־ישראל, וואו זייער קדושת ישראל איז געווען פולשטענדיק. אין דעם מאָמענט ווען זיי פלעגן פאַרלאָזן דאָס לאַנד פלעגן זיי אויפהערן מקיים זיין תרי״ג מצוות, ווייל מיט׳ן פאַרלאָזן ארץ־ישראל איז זייער קדושה טיילוויז נפקע געוואָרן. דערפאַר, זאָגט דער רמב״ן, האָט יעקב חתונה געהאַט מיט שתי אחיות

אין חרן, ווייל דאָרט איז זיין קדושת־ישראל ניט געווען פולשטענדיק און ער האָט ניט אָפּגעהיט די תורה ווי ער האָט עס פּראַקטיצירט אין ארץ־ישראל אַלס אינו מצווה ועושה. ווען ער איז אָנגעקומען אין ארץ כנען, איז רחל געשטאָרבן, ווייל מיט'ן אַריבערטרעטן די גרעניץ פון ארץ־ישראל איז אויף אים חל געוואָרן די פולע קדושת ישראל וואָס האָט איינגעשלאָסן פרייוויליקן קיום המצוות, סיי בנוגע מצוות־עשה און סיי בנוגע מצוות לא־תעשה.

דעם רמב"ן'ס שיטה באַרוט אויף דער אידעע, אַז דער ברית וואָס דער רבש"ע האָט געשלאָסן מיט אברהם'ען בנוגע קדושת ישראל איז פאַרבונדן געוואָרן מיט קדושת הארץ: „ונתתי לך ולזרעך אחריך את ארץ מגורך את כל ארץ כנען לאחוזת עולם והייתי לכם לאלקים". די פּערזענליכע קדושה וועלכע שטאַמט פון דעם כריתת־ברית, קען ניט אָפּגעטיילט ווערן פון „ארץ מגורך", פון קדושת הארץ. ביידע קדושות גייען האַנט אין האַנט. וואַרשיינליך טייטשט דער רמב"ן דעם פסוק והייתי לכם לא', פונקט ווי רש"י: „והייתי לכם לא', שם אהיה לכם לא', אבל הדר בחו"ל כמי שאין לו א'". אין אַנדערע ווערטער, די עלטסטע קדושת ישראל, וואָס שטאַמט פון רבש"ע'ס בונד מיט אברהם'ען, איז באַהעפט מיט ארץ־ישראל, און מען קען ניט אַריינברייננגען קיין ריווח בין הדבקים.

זעט איר, ווען דער רבש"ע האָט זיך מתגלה געווען אין מצרים און אין סיני און האָט געשלאָסן אַ נייעם ברית און האָט אונז מקדש געווען אַלס עם סגולה נאָכאַמאָל, איז די קדושה ניט פאַרקניפּט געוואָרן מיט ארץ־ישראל; „ועתה אם שמוע תשמעו בקולי ושמרתם את בריתי והייתם לי סגולה מכל העמים כי לי כל הארץ". וואו אַ איד זאָל ניט זיין און וואו ער זאָל זיך ניט געפינען איז זיך די קדושה ניט מסתלק פון אים און ער בלייבט אַ זון פון אַן עם קדוש. דערפאַר איז די קדושת ישראל פון סיני ניט פקע אַפילו ווען אַ איד זאָל זיך געפינען אויך אויף דער לבנה! זי איז למעלה מן המקום והזמן. אָבער די קדושת ישראל פאַר מתן־תורה, וועלכע איז געגעבן געוואָרן די אבות און וועלכע האָט באַרוט אויסשליסליך אויף דעם ערשטן כריתת־ברית מיט אברהם'ען: „ונתתי לך ולזרעך את כל ארץ מגורך והייתי לכם לא'", איז געווען ענג פאַרבונדן מיט קדושת הארץ, און אַן איר האָט קיין פולע קדושת ישראל ניט געקענט עקסיסטירן. דעריבער זאָגט דער רמב"ן, אַז די קדושת ישראל פון די אבות אין חוץ־לארץ איז ניט געווען אַ קדושה שלימה.

רש"י, ווייזט אויס, גייט נאָך אַ שריט ווייטער. ער האַלט, אַז דער כריתת־ברית מיט די אָבות איז ניט געווען קיין צייטווייליקער, וואָס איז בטל געוואָרן מיט מתן־תורה בסיני. ניין! דער כריתת־ברית, פונקט ווי די

הבטחת הארץ, איז אייביג. אויך היינט איז אַ איד מקודש מיט צוויי קדושות: א) קדושת כריתת־ברית פון די אָבות — „והייתי לכם לא־לקים״; ב) קדושת ברית סיני — „והייתם לי סגולה מכל העמים, ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש״. ממילא, האַלט רש״י, אַז אַ איד וועלכער לעבט אין ארץ־ישראל איז איינגעשלאָסן אין בײדע קדושות — קדושת אברהם און קדושת סיני, און אַז אַ איד וועלכער וואוינט אין חוץ־לארץ מוז זיך באַנוגענען מיט קדושת סיני אַליין, ווייל די קדושת אברהם, וואָס איז ענג פאַרקניפּט מיט קדושת הארץ, פעלט אים. רש״י׳ס מיינונג איז, אַז חז״ל האָבן ניט אָפּגעוואָרפן די עצם אידעע, פון „כל הדר בחוץ לארץ דומה כמי שאין לו א׳״, ווייל קדושת אברהם ווערט באמת נפקע אין חו״ל. זיי האָבן נאָר ניט געוואָלט פאַרבינדן די הלכה מיט׳ן פסוק אין ויקרא, וועלכער באַציט זיך אויפן אוניווערסאַלן ברית־סיני. אָבער בנוגע דעם פסוק אין לך־לך, בלייבט דער רעיון אמת און גילטיק, ווייל דאָרט האַנדעלט זיך וועגן ברית אבות. דערפאַר האָט רש״י ציטירט דעם לשון אין פרשת לך־לך אָן קיינע שום קאָרעקציעס, בשעת אין פרשת בהר, וואָס איז זיך עוסק מיט ברית סיני, האָט רש״י אַריינגענומען די קאָרעקטור, אַז אַ איד אין חוץ לארץ קען נכשל ווערן אין ע״ז.

באמת, בנוגע מצוות וואָס זיינען פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל האָבן מיר צוויי גרופּן: 1) מצוות התלויות בארץ, די חובות קרקע וואָס זיינען ניט נוהג אין חוץ־לארץ; 2) הלכות וואָס האָבן קיין שייכות ניט מיט חובות קרקע און טראָגן דעם פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל. למשל: עגלה ערופה, סמיכת חכמים, קידוש החודש און עיבור השנה. דער רמב״ם פסק׳נט, אַז בנוגע מצוות התלויות בארץ איז די דאורייתא׳דיקע קדושת ארץ־ישראל נוהג נאָר אין מקומות שכבשו עולי בבל, ווייל קדושה ראשונה קדשה לשעתה ולא קדשה לעתיד לבוא. בנוגע די אַנדערע מצוות, ווי עגלה ערופה אָדער סמיכה, זיינען זיי נוהג אפילו אין די מקומות שכבשו עולי מצרים ולא החזיקו בהם עולי בבל, טראָגן דעם וואָס די קדושה ראשונה איז בטל געוואָרן. (עיין רמב״ם פ״י מהלכות רוצח ושמירת הנפש, הלכה א׳; פ״ד מהלכות סנהדרין, הלכה ו׳: „וכל ארץ ישראל שהחזיקו בה עולי מצרים ראויה לסמיכה״).

אַ תירוץ דערויף האָב איך אַמאָל געהערט פון מיין פאָטער, ז״ל, אַז סמיכה און עגלה ערופה און קידוש החודש זיינען ניט תלוי אין קדושת הארץ — ווייל זיי האָבן קיין שייכות ניט מיט חובת קרקע — נאָר אין שם ארץ־ישראל. אמת, מיר זאָגן, אַז קדושה ראשונה קדשה לשעתה ולא קדשה לעתיד לבוא, אָבער במה דברים אמורים, בנוגע קדושת הארץ, ניט דעם שם ארץ־ישראל וואָס קען קיינמאָל ניט בטל ווערן. ממילא זיינען די דריי זאַכן נוהג אין אַלע מקומות וואָס החזיקו בהם עולי מצרים.

איך וויל גיין אַ שריט ווייטער. די שייכות פון מצוות התלויות בארץ מיט ארץ־ישראל און קדושת הארץ פאַרשטייען מיר, ווייל זיי זיינען חובת קרקע, און די גידולים דאַרפן זיין גידולי קרקע מקודשת. זעט איר, עגלה ערופה, סמיכה און קידוש החודש וואָס האָבן מיט דער קדושת הקרקע פון ארץ־ישראל גאָרניט צו טאָן און זיינען פאַרבונדן אויסשליסליך מיט׳ן שם ארץ־ישראל, באַרוען אויף דעם יסוד וואָס מיר האָבן דערקלערט אין דער דרשה, אַז אידן אין חוץ־לארץ פעלט די קדושה פון ברית־אבות. די הלכה פון ארץ־ישראל בנוגע די דריי ענינים האָט ניט צו טאָן מיט דער קרקע פון ארץ־ישראל, נאָר מיט דעם גברא וועלכער וואוינט אין א״י. די פאַרבינדונג פון קדושת ישראל מיט ארץ־ישראל איז ניט תלוי אין קדושת א״י, נאָר אין שם א״י.

## ג.

## „תפלת כל פה“ און „תפלת עמך ישראל“

איך צווייפל אויב דער יסוד פון רש״י, אַז די קדושת־ישראל, וואָס איז געשאַנקן געוואָרן די אָבות, איז פּגום אין חו״ל, קען אַנגעווענדעט ווערן אויף די אידן פון אַמאָל. איך גלויב, אַז די קדושה וואָס דער רמב״ן האָט געהאַט אין ספרד, איז געווען די זעלבע, וואָס ער האָט געהאַט שפּעטער, ווען ער האָט עולה געווען קיין ארץ ישראל. אויך די קדושה פון ר׳ יהודה הלוי אין טאָלידאָ, בין איך געניגט צו טראַכטן, איז געווען ניט אַנדערש פון דער קדושה, וואָס האָט באַשיינט זיין פּראַכטפולן מאַרטירער־קאָפּ, בשעת דער אַראַבער האָט אים צוטראָטן מיט זיין פערד, אין ארץ־ישראל. איך גלויב אויך, אַז ר׳ יהונתן מלוניל האָט געהאַט ניט וויניקער קדושה אין דער פראַנצויזישער פּראָוואַנס, ווי אין א״י. גאַנץ מעגליך, אַז פון הלכה׳שן שטאַנדפּונקט איז די קדושה אפילו פון די אויבענדערמאַנטע גדולי ישראל געוואַקסן און געשטיגן מיט׳ן אַרויפטרעטן אויף דער ערד פון א״י. פון פּערזענליך־עמאָציאָנעלן שטאַנדפּונקט, אָבער, איז פאַר מיר דער צמצום פון קדושה פון די אויבנ־דערמאַנטע גדולים אין חוץ־לארץ פּשוט ניט אַנטמבאַר. איר ווייסט פאַרוואָס? ווייל זיי זיינען גייסטיק קיינמאָל אין חו״ל ניט געווען! דער אונטערשייד צווישן ארץ־ישראל און חוץ־לארץ איז פאַר זיי געווען אַ פיזיש־געאָגראַפישער, אָבער ניט קיין גייסטיקער. די גייסטיקע ארץ־ישראל, ווי חסידים דערציילן וועגן ר׳ נחמן בראַסלאווער, איז מיטגעגאַנגען מיט זיי. ממילא זיינען זיי אַלעמאָל געווען איינגעשלאָסן ניט נאָר אין ברית־סיני, נאָר אויך אין ברית־אבות. ווי געזאָגט, אָבער, איז דאָס נאָר מיין סוביעקטיווער, ניט הלכה׳שער, צוגאַנג צו דער פראַגע.

זעט איר, אָבער, בנוגע אונזער צייט און אין באַציאונג צום מאָדערנעם אידן אין חוץ־לארץ (איך רייד דאָ וועגן פרומע אידן, וועגן שומרי מצוות), איז דער מאמר אמת ויציב, אפילו פון עמאָציאָנעל־גייסטיקן שטאַנדפּונקט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פאַראויסגעזאָגטן, הויבט זיך אויף אַ נייע שאלה: ווי קען געדאַנקליך און לאָגיש דערקלערט ווערן דער קשר צווישן קדושת־ישראל, וואָס שטאַמט פון ברית־אבות, און ארץ־ישראל? אויב רש״י׳ס שיטה איז, אַז עפּעס פעלט דער קדושת־ישראל פון דעם אידן אין חוץ־לארץ, דאַרפן מיר זיך באַמיען צו פאַרשטיין, לכל הפּחות אין אַלגעמיינע שטריכן, וואָס פעלט אים.

כדי צו פאַרשטיין וואָס עס פעלט היינט דעם חוץ־לארץ׳דיקן אידן, מוזן מיר זיך אַביסל פאַרטיפן אין דעם גאַנצן מהות פון ברית אָבות.

דער אינהאַלט פון ברית סיני איז קלאָר פאַר אונז. ער דריקט זיך אויס אין חוקים ומשפטים, אין התחייבות צו מקיים זיין תרי״ג מצוות. אויב איר וועט מיך פרעגן: וואָס איז דער סימבאָל פון „ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש״? וועל איך איך ענטפערן: די ארבעה חלקי שלחן־ערוך. אָבער וואָס איז דער תוכן פון ברית־אָבות? חוץ מילה האָט דאָך דער רבש״ע די אָבות ניט געגעבן קיינע מצות. אמת, לויט דער מסורה האָבן די אבות מקיים געווען כל התורה כולה קודם שנתנה. אָבער דער קיום איז נאָר געווען אַ פרייוויליקער אקט מצד די אבות.

מיר דוכט זיך, אַז דער אינהאַלט פון ברית אָבות מאַניפעסטירט זיך אין אידישן געפיל פון בדידות, אין זיין עקסיסטענציעלער אָפּגעזונדערטקייט, אין דעם וואָס ער דאַרף קעמפן קעגן באַשטימטע חולין׳דיקע השקפות און פאָליטישע כחות, בנוגע וועלכע די ניט־אידישע ציוויליזירטע וועלט איז גלייכגילטיק, אין דעם וואָס די אַלגעמיינע זיכערקייט פון דער גאַנצער וועלט גיט דעם אידן ניט קיין בטחון. אין אַנדערע ווערטער, די אידישקייט פון ברית אבות קומט צום אויסדרוק אין אונזער אידענטיפיצירן זיך מיט אברהם העברי — כל העולם מעבר אחד והוא מעבר אחד. דער ברית אבות ווערט רעאַליזירט אין דעם באַוואוסטזיין פון דעם אידן, אַז אַנדערע טיילן אים אויס און זאָגן He is Jewish! מיט איין וואָרט, דער ברית אבות מאַניפעסטירט זיך אין פילן זיך איינס מיט׳ן כלל־ישראל, אין באַטייליקן זיך אין דעם שיקזאַל פון אַלע אידן און אין פארשטיין, אַז אידישער עקזיסטענץ איז אָריגינעל און אייגנארטיק. ווען עס פעלט דער באַוואוסטזיין און ווער עס פילט זיך ניט מקושר צום מערווירדיג־פּאַראַדאָקסאַלן אידישן גורל, איז ניט מקודש מיט ברית אָבות. מען קען אָפּהיטן תורה ומצוות, און זיין איינ־געשלאָסן אין ברית סיני, און בשעת מעשה מחלל זיין די קדושת אָבות. (עי׳ רמב״ם הלכות תשובה, פ״ג ה׳ י״א).

דעם ערשטן מאָל האָב איך די סענסאַציאָנעלע אַנטדעקונג געמאַכט, ווען אַ פראָמינענטער דייטשער ראַבינער, אַ שומר מצוות, האָט מיר אַ זאָג געטאָן (איך בין נאָך דעמאָלט געווען יונג און נאַאיוו און איך האָב אויסגעשטעל׳ט אַ פאָר קינדערשע צושראָקענע אויגן אויף אים), אַז ער האָט מער געמיינזאַמעס מיט אַ דייטש, ווי מיט אַ ניט־פרומען פוילישן אידן. אַוודאי, האָט ער צוגעגעבן, בין איך נענטער צו ר׳ חיים עוזר׳ן, ווייל מיט אים בין איך פאַרבונדן דורכן שלחן־ערוך, אָבער מיט דעם און דעם — וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך?! איך האָב ביי מיר דאַן געטראַכט, אַז דאָס

געמיינזאַמע וואָס ער האָט מיט דעם ניט־פרומען פוילישן אידן באַשטייט אין דעם, וואָס פאַר דעם שונא־ישראל זיינען זיי ביידע די זעלבע אידן, אין דעם וואָס אַ שונא ישראל וועט קיין אונטערשייד צווישן זיי ניט מאַכן. אָבער, ווי געזאָגט, איך בין געווען יונג און איך האָב קיינמאָל קיין חוצפה ניט געהאַט, האָב איך אים ממילא פאַרשוויגן. שפּעטער האָבן לײדער אַ סך מערב־אידן אַנטדעקט זייער שייכות מיט די אידן פון אַנדערע לענדער און אַנדערע זייטן. די אַנטדעקונג איז אָבער געמאַכט געוואָרן צו שפּעט, ווען דער שטן האָט געקראָגן צייטווייליקע ממשלה איבער דער וועלט.

דער טיפּ איד, צו אונזער באַדויערן, וואָס רעוואָלטירט קעגן ברית אָבות, וואַקסט אויף אויך דאָ. אמת, ער איז פרום און אַ זהיר במצוות; זיין גורל־באַוואוסטזיין, אָבער, איז ניט אידיש.

לאָמיר זיך באַנוצן מיט אַ משל פון דעם נוסח התפלה, פון שמונה־עשרה. עס זיינען דאָ צוויי נוסחאות אין לעצטן זאַץ פאַר דער חתימה פון „שמע קולנו". איין נוסחא איז: „כי אתה שומע תפלת עמך ישראל ברחמים". די צווייטע נוסחא האָט געענדערט „תפלת עמך ישראל" אויף „תפלת כל פה": „כי אתה שומע תפלת כל פה". ביידע נוסחאות זיינען אמת. אַ איד האָט אַלגעמיין־מענטשליכע תפלות, און ער האָט אויך ספּעציפיש־אידישע תפלות ווען ער בעט אויף פּרנסה, געזונט, שכל, שלום אאַ"וו, איז ער מתפלל צום רבש"ע אין דער בחינה פון „שומע תפלת כל פה", ווייל זיינע בקשות זיינען אוניווערסאַלע. ווען ער בעט אָבער אויף בנין ירושלים, שיבת השכינה צו ציון, קבוץ גלויות וכו' איז ער מתפלל צום רבש"ע ניט אין דער בחינה פון „שומע תפלת כל פה", ווייל די ניט־אידן באַטראַכטן אַזעלכע תפלות ווי אַן אַבסורד, נאָר אין די בחינה פון „שומע תפלת עמך ישראל ברחמים".

לײדער, האָט דער איד אין גלות היינט צו־טאָג, אַפילו דער פרומער איד, פאַרלאָרן זיין פאַרשטענדעניס פאַר די ספּעציפיש־אידישע תפלות, פאַר דעם „שומע תפלת עמך ישראל ברחמים". ער האַלט אין איין מתפלל זיין צום „שומע תפלת כל פה".

דער מערב־איד פילט זיך אַלס אַ טייל פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט און ער איז איבערצייגט, אַז זיין עתיד און דער עתיד פון דער מענטשהייט זיינען געמיינזאַם. ער איז, למשל, מתפלל אַז מלכויות החסד פון מערב זאָלן זיגן איבער די מלכויות הרשעה פון מזרח, ווייל ער ווייס, אַז אין דער מלכות הרשעה האָט ער קיין צוקונפט ניט. אָבער די תפלה איז ניט קיין ספּעציפיש־אידישע, וואָס ווערט אַדרעסירט צום „שומע תפלת עמך ישראל ברחמים", נאָר אַן אַלגעמיין מענטשליכע, וואָס איז געווענדעט צום „שומע תפלת כל פה" פון אידן און ניט־אידן צוגלייך.

דער מערב־איד איז מתפלל אויף עקאַנאָמישער שפע, אויף יושר און גערעכטיקייט. אָבער אויף דעם זיינען אויך מתפלל אַ סך ניט־אידן. מיט איין וואָרט, דעם אידנ׳ס תפלות זיינען תפלות כל פה, ניט תפלות עמך ישראל. דער ברית אָבות, אָבער, פאָדערט פון אים אַז ער מוז אומבאַדינגט האָבן אַ גרופּע פון אייגנאַרטיקע תפלות, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר דאָס משונה׳דיקע און פּאַראַדאָקסאַלע אין אונזער גורל. אויב אַ איד בייט אויס די „תפלת עמך ישראל״ אויף „תפלת כל פה״, פאַרלירט ער זיין שייכות מיט ברית אָבות.

אין וואָס דריקט זיך אויס דער ברית־אָבות היינט צו טאָג? וואו איז דער אברהם העברי? קיין בערד טראָגן מיר ניט, קיין יאַרמולקעס אויך ניט, אונזערע ציצית זעען זיך ניט אַרויס בחוץ. מיר באַמיען זיך צו באַהאַלטן אונזער אידישקייט אויפ׳ן עראָפּלאַן, אויף דער גאַס און אין אַנדערע עפנטליכע פּלעצער. וואו איז אונזער אויסערליכע אידענטיפיקאַציע מיט כלל־ישראל, מיט׳ן גורל־ישראל? וואו איז די הבדלה בין ישראל לעמים אין אַ דעמאָנסטראַציוון זין? ווי קענען מיר האָבן קדושת אָבות, אַז דאָס שיקזאַל־האַפטיקייט פון אברהם העברי איז פאַרשוואונדן! וואו איז דער א׳ אברהם, וואָס האָט געזאָגט „והייתי לכם לא׳?״ אמת, אַמאָל דערזעט דער איד דעם א׳ אברהם ווען ער געפינט די טיר פון קאָונטרי־קלאָב פאַרשלאָסן, אָדער ווען אַ האַקנקרייץ ווערט אויסגעמאָלט אויף די ווענט פון אַ טעמפּל. אָבער די דערשיינונגען ווערן אַלץ זעלטענער און מיר האָפן, אַז זיי וועלן אינגאַנצן פאַרשווינדן. מיר ווילן גאָרניט, אַז דער ברית־אָבות זאָל זיך אויסדריקן אין רדיפות. די שאלה איז, ווי קענען מיר אויפהאַלטן אונזער באַוואוסטזיין פון דעם א׳ אברהם, אונזער קדושת אבות, אין שלוה און עשירות, אין פריקהייט און מנוחת הנפש?

דעם ענטפער האָט די השגחה געגעבן דורך מדינת ישראל. וואָס איז פון שטאַנדפּונקט פון דער אַלגעמיינער לאָגיק און „תפלת כל פה״ אַ משוגע׳נע, אַבסורדע אונטערנעמונג. אונזערע דאגות פאַר דער מדינה, אונזערע זאָרגן וועגן איר עתיד, אונזער שפּאַנונג יעדן פרימאָרגן, ווען מיר נעמען די צייטונג אין האַנט און בלעטערן די זייטן כדי צו זוכן אויב עס איז ניטאָ קיין נייעס וועגן ארץ־ישראל, קענען בשום אופן ניט קלאַסיפיצירט ווערן אין דער קאַטעגאָריע פון תפלת כל פה; זיי געהערן אויסשליסליך צו די „אונפאַרשטענדליכע״ תפלות עמך ישראל. דער פאַקט אַליין, אז ארץ־ישראל איז איזאָלירט אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע, דער פאַקט אַליין, אַז דער רוב מנין און רוב בנין פון כלל ישראל סימפּאַטיזירט מיט איר און איז גרייט צוליב איר אויסצושטיין אַלערליי באַשולדיקונגען מצד

שונאי ציון, דער פאַקט אַליין וואָס מיר אידענטיפיצירן זיך מיט דער מדינה און באַטראַכטן יעדן קעגנער פון מדינת ישראל אַלס אַ שונא ישראל, דער פאַקט אַליין, וואָס מיר וויסן אַז דאָס איז אויסשליסליך אונזער פראָבלעם, וואָס ווערט פולשטענדיק מיספאַרשטאַנען פון אַנדערע, איז אונז מקדש בקדושת אָבות; „ונתתי לך ולזרעך את ארץ מגורך את כל ארץ כנען לאחוזת עולם והייתי לכם לא־לקים". נעמט אַוועק מדינת ישראל, און אידן אין גלות וועלן פלוצלונג פאַרפלייצט ווערן פון אַ כוואַליע פון אַסימילאַציע און אָפּפרעמדונג. די גאַנצע דראַמאַטיש־טראַגישע איבערלעבונג פון קדושת אָבות, פון אידיש־עקסיסטענציאַלן היסטאָרישן אַנדערש־זיין וואָלט, ר"ל, אָפּגעווישט געוואָרן. און ווער ווייס צו מיר וועלן זיין בכח צו ראַטעווען די קדושת סיני, אויב דער איד זאָל מער ניט איבערלעבן די קדושת־אָבות אין איר פולער טראַגישער טיפקייט.

ווי שיין זאָגט די תורה אין בחקותי: „וזכרתי את בריתי יעקב, ואף את בריתי יצחק ואף את בריתי אברהם אזכר והארץ אזכר". איך וועל זען, אַז דער ברית־אָבות זאָל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן. ווען איר וועט האַלטן ביי דער מדרגה פון „ואבדתם בגוים ואכלה אתכם ארץ אויביכם", ווען איר וועט זיין גייסטיק פאַרלאָרן, צוטומלט, פּחדנות'דיק געשטימט, ווען איר וועט ניט וועלן אַז מען זאָל אייך דערקענען אַלס אידן, ווען איר וועט זיך באַהאַלטן בירכתי הספינה, ווי יונה הנביא האָט עס געטאָן, ווען איר וועט ציטערן פאַר דעם שיקזאַל פון אברהם העברי, פאַר דעם ברית־אבות, וועט אייך טראָץ דעם ניט געלינגען צו פאַרגעסן דעם אור־אַלטן ברית. איך וועל דאַן עפּעס מחדש זיין, וואָס וועט אייך שטענדיק דערמאָנען אייער אידישקייט, וואָס וועט מאַכן בולט אייער אַנדערשקייט, אַפילו ווען פיזיש וועט איר אויסזען ווי אַלע אומות העולם — „וזכרתי את בריתי יעקב ואף את בריתי יצחק ואף את בריתי אברהם אזכור". איך וועל געדענקען דעם ברית אָבות, און ממילא וועט איר אויך אים מוזן געדענקען. פון אַלע ראַדיאָס וועט דער ברית אברהם אַרויסשרייען, אַלע צייטונגען וועלן אָנווייזן אויפ'ן אידן, אויף זיינע ספּעציפישע פּראָבלעמען, אויף זיין עקשנות, אויף זיין דעטערמי־נאַציע. דער שאָטן פון אברהם העברי וועט אייך נאָכיאָגן. איר ווייסט ווי? דורך ארץ־ישראל; „והארץ אזכר"! איר ווייסט פאַרוואָס איך בין אַנטשלאָסן אויפצוהאַלטן דעם ברית אבות, די פּאַראַדאָקסאַלע אידישע גע־שיכטליכקייט אין איר גאַנצער טראַגיק און גרויסקייט? ווייל „ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים ולא געלתים לכלותם להפר בריתי אתם כי אני ה' א־לקיכם". ווייל איך וויל זען דעם המשך פון קיום האומה מיט תורה ומצוות, מיט שבת, כשרות, תפילין און ציצית; ווייל איך וויל ניט אַז איר

זאָלט אָפּוואַרפן דעם ברית סיני. „וזכרתי להם ברית ראשונים אשר הוצאתי אותם מארץ מצרים לעיני הגוים להיות להם לא־לקים אני ה׳". אָבער כדי צו ראַטעווען דעם ברית ראשונים פון סיני, מוז איך פאַרווירקליכן דעם ברית האבות פון אברהם, יצחק ויעקב, וואָס באַשטייט אין ליידן און אין פרייען זיך מיט׳ן כלל ישראל אַלס אַ איד.

דער מזרחי פאַרשטייט עס, באַגרייפט עס, און דערפאַר קעמפט ער אַזוי פאַר מדינת ישראל, אַפילו בשעת אַ סך פון די סעקולערע פאַרטייען אין ארץ־ישראל האָבן קיין אַנונג ניט פון ברית אָבות און אויך ניט פון ברית סיני. מיר ווייסן, אַז מדינת ישראל איז דער אינסטרומענט בידיו של הקב״ה צו רעאַליזירן ביידע „וזכרתי״ס: א. ברית אברהם, ב. ברית ראשונים.

## ד.

## כיבוש און מחיצות

מיר האָבן געמאַכט נאָך אַ ביישטייערונג צו דער אידיש־רעליגיעזער השקפת־עולם. די ביישטייערונג קען פאַרמולירט ווערן אין אייניקע ווערטער: לכו וכבשו את החול!

מיר ווייסן אַלע די משנה אין כלים: עשר קדושות הן. אָבער ווען מען פאַרטיפט זיך אין דער משנה, קומען מיר צו דער מסקנה, אַז די צען קענען רעדוצירט ווערן צו צוויי יסודות׳דיקע קדושות: קדושת הארץ און קדושת מקדש. די קדושת מקדש הויבט זיך אָן מיט ירושלים (וואָס איז בתורת מחנה ישראל, אַ טייל פון מקדש), און שליסט זיך מיט׳ן קודש הקדשים. קדושת הארץ נעמט אַרום גאַנץ ארץ־ישראל. אין אונזער לומד׳ישער טערמינאָלאָגיע ווערט קדושת מקדש אָנגערופן קדושת מחיצות, און קדושת הארץ — קדושת כיבוש. די הלכה אָנערקענט צוויי מקדשים: כיבוש און מחיצות. אָבער די צוויי מקדשים אונטערשיידן זיך אין זייער מהות. זיי זיינען כמעט זיך קעגנזייטיק סותר. די מחיצה איז מקדש, ווייל דער מענטש איז פורש פון דער וועלט, זיך מתיחד מיט זיך אַליין און מיט׳ן רבש״ע, און גיט זיך איבער אַ העכערער וועלט־אָרדנונג. „וכל אדם לא יהיה באהל מועד בבואו לכפר בקודש". די קדושת מקדש ווערט מאַני־פעסטירט אין קדושת רשות היחיד.

קדושת הארץ איז חל על ידי כיבוש. כיבוש מיינט דעראָבערונג conquest. כדי צו דעראָבערן קען מען זיך ניט פאַרשליסן אין די ד׳ אַמות פון מחיצות, אין רשות היחיד. מען מוז אַרויסגיין אין רשות הרבים, זיך באַגעגענען מיט׳ן קעגנער און אים באַזיגן, מאַכן אונטערטעניק דעם שונא, וועלכער אַטאַקירט אָדער האָט בדעה צו אַטאַקירן מיך. אין כיבוש דריקט זיך אויס די מידת הגבורה, העלדנטום און דער הערָאאישער באַשלוס צו פאַרשפרייטן קדושה, צו מקדש זיין דעם חול, בשעת אין קדושת מחיצות וויל דער קודש ניט האָבן קיין מגע ומשא מיט׳ן חול; ער אַנטלויפט פון אים און איז זיך מייחד מיט זיך אַליין.

געווען צייטן, ווען דער איינציקער אופן פון קידוש זיינען געווען מחיצות. יהדות איז דאַן געווען אַ רשות היחיד, מוקפת מחיצות, „אשר לו חומה״ (לויט׳ן קרי). זי איז געווען אָפּגעטיילט פון דער גאַנצער וועלט, פון אַלע אומות העולם. די ווירטשאַפט, די שפּראַך, די דערציאונג זיינען געווען אָפּגעטיילט דורך מחיצות. אינערהאַלב יהדות אַליין זיינען קיין גרונט־זעכליכע חלוקי־דעות ניט געווען; דאָס פאָלק איז כמעט אינגאַנצן באַשטאַנען פון שומרי מצוות.

אָבער היינט געפינען מיר זיך אין אַ גאַנץ אַנדערער לאַגע, אין אַ לאַגע פון „אשר לא חומה״, לויט׳ן כתיב; די מחיצות זיינען איינ־געפאַלן. דער איד איז עקאָנאָמיש, שפּראַכליך־קולטורעל אַ טייל פון זיין סביבה. צי אונז געפעלט עס אָדער ניט, אַ פאַקט בלייבט עס אָבער. דער איד שטייט היינט צו־טאָג מיט יעדן פיס אין רשות הרבים. ווען אַ יונגערמאַן גרייט זיך צו אַ קאַריערע, מוז ער קריגן די געהעריקע אויסבילדונג. אַקאַדעמישע בילדונג ווערט געפאָדערט אַפילו פאַר אומוויכטיקע פּאָזיציעס. די טעכניש־צופעליקע אויסשולונג פון אַמאָל, וואָס פלעגט איבערגיין בירושה פון אבות צו בנים, איז היינט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטרענג־וויסנשאַפטליכע, וואָס מען קען קריגן נאָר אין אַ פּראָפעסאָנעלער שולע. ממילא פרעגט זיך: וואָס זאָלן מיר טאָן? אויפשטעלן מחיצות צווישן אונז און דער וויסנשאַפטליך ווירטשאַפטליכער געזעלשאַפט און זאָגן אונזערע תלמידים: פאַרגעסט וועגן אייער עתיד, שליסט זיך איין אין רשות היחיד און טראַכט ניט וועגן תכלית. ווער עס קען דאָס באַוויזן, איז באמת אַ בעל־מופת; אָבער, צווישן אונז גערעדט: מיר טאָרן איצט הינטער די קינסטליכע מחיצות ניט בלייבן, ווייל אויב מיר וועלן זיך אָפּשיידן פון דער וועלט, וועלן מיר איר פאַרלירן. דער מקדש פון היינט איז כיבוש החיים, ניט פרישה מן החיים. די השגחה פאַרלאַנגט פון אונז איצט, (אפשר צום ערשטן מאָל אין דער אידישער געשיכטע), אַז מיר זאָלן באַגעגענען אַ

פרעמדע וועלט מיט שטאָלץ און מוט, מיט דער יאַרמעלקע אויפ׳ן קאָפּ און מיט אַ גמרא יבמות אין דער האַנט און מקדש זיין איר דורך כיבוש. דער פסוק פון קידוש דורך כיבוש: „כל מקום אשר תדרוך כף רגלכם בו לכם נתתיו״ מוז רעאַליזירט ווערן דורך אונז. יעדער פּלאַץ וואו מיר שטעלן אַ פוס, צי דאָס איז אַ לאַבאָראַטאָריע אָדער אַ ביזנעס־אָפיס, אַ אוניווערסיטעט קעמפּוס אָדער אַ פאַבריק, — מוז נתקדש ווערן דורך דעם, וואָס דער יונגערמאַן, וועלכער קומט אַריין איז כובש דעם מקום און לאָזט ניט דעם חול איינשלינגען דעם קודש.

דעם אידעאַל פּריידיגט דער מזרחי און באַמיט זיך אים צו פאַרווירקליכן אין ארץ־ישראל. לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז אונזערע חברים אין ארץ־ישראל זיינען זיך עוסק אין אַ טאָפּלטן כיבוש. פון איין זייט, שטייען זיי צוזאַמען מיט אַנדערע אידן אין די פראָנט־ליניעס און זיינען כובש דאָס לאַנד פיזיש — כיבוש השממה; „רדו בארץ וכבשוה״ — מען בויט, מען פלאַנצט, מען לייגט וואַסער־רערן; מען פאַרוואַנדעלט אַ מדבר אין אַ בליענדן ישוב. אָבער בשעת מעשה זיינען זיי אויך מקיים אַן אַנדער מצוות כיבוש — כיבוש השממה אין גייסטיקן זין: כיבוש הנפש, כיבוש הלב. זיי באַמיען זיך אַריינצוטראָגן די אייביקע ווערטן פון יהדות, תורה און קדושה אין אַלע ווינקעלעך פון ארץ־ישראל, אין אַלע פאַזן פון מלוכה־און געזעלשאַפטליכן לעבן: „כל מקום אשר תדרוך כף רגלכם בו לכם יהיה״.

אויך דאָ אין אַמעריקע זיינען מיר זיך עוסק אין כיבוש. די ישיבת ר׳ יצחק אלחנן האָט באַוויזן וואונדער אויף דעם געביט. זי האָט כובש און מקדש געווען די הערצער פון טויזנטער יונגעלייט. איר קענט די יונגעלייט געפינען בכל תפוצות אַמעריקע. זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ נייעם טיפּ פון אַ תלמיד־חכם. איר וועט זיך אָנשטויסן אויף זיי אין אַלע פרייע פּראָפעסיעס, ווי מעדיצין, פיזיק, יוריספּרודענץ, און אויך אין דער קאָמערציעלער וועלט. אַ סך פון זיי זיינען איבערגעגעבן צו תורה. זיי ליגן אין לערנען, זיי קוקן נאָך אַריין אין „אבני מלואים״ און האָבן נאָך הנאה פון ר׳ חיים׳ס אַ סברא. דאָס הייסט כיבוש השממה — כיבוש הלבבות, כיבוש הנפשות. פּונקט ווי איר קענט זיך ניט פאָרשטעלן אַ אידישע אָרטאָדאָקסיע אין אַמעריקע אָן ישיבת רי״א (זאָלן די קעגנערריידן וואָס זיי ווילן), אַזוי קענט איר זיך אויך ניט מצייר זיין אַ רעליגיעזע ארץ־ישראל אָן דער מזרחי־באַוועגונג, וואָס האָט כובש און מקדש געווען די מציאות. דערפאַר טענה׳ן באַשטימטע פאַרשטייער פון אונזער קעגנערישן לאַגער — וואָס לעבט ניט על פי ההלכה — אין אַמעריקע און שווערן זיך, אַז זיי זיינען פאַרליבט אין דער עכטער אָרטאָדאָקסיע וואָס פּראַוועט מלוה־מלכה׳ס, און זינגט „בני היכלא״ מיט דבקות, אָבער

זיי דולדן ניט די אַזוי־גערופענע מאָדערנע אָרטאָדאָקסיע (דער כתיב איז „מאָדערנע", דער קרי — ישיבת רי"א, די הסתדרות הרבנים און מזרחי), וואָס ווילן געניסן פון שני עולמות — פון עולם הזה און עולם הבא און ווילן נאָך זיין מאָדערנער פון אַלע קעגנערישע גרופּן צוזאַמען. דערפאַר האָט אַ פּראָמינענטער פאַרשטייער פון ניט־רעליגיעזן ישוב אין ישראל אין אַ געשפּרעך מיט דר. בעלקין און מיר, געזאָגט, אַז ער האָט דרך־ארץ נאָר פאַר דער עקסטרעמער אָרטאָדאָקסיע, אָבער ניט פאַר דעם מזרחי און פּועל מזרחי. די אַלע קעגנער האָבן פּשוט מורא פאַר אונז, ווייל מיר באַנוצן זיך מיט דער מעטאָדע פון כיבוש, אָבער זיי האָבן קיין פּחד ניט פאַר די, וועלכע האָבן זיך פאַרשלאָסן הינטער מחיצות. מיר לייענען אין חומש, אַז עשו האָט פיינט געקראָגן יעקב'ן ערשט נאָך דעם אינצידענט פון די ברכות. „ויאמר הכי קרא שמו יעקב ויעקבני זה פעמים את בכורתי לקח והנה עתה לקח ברכתי. וישטם עשו את יעקב על הברכה אשר ברכו אביו". פרעגט זיך: אויב עשו'ס כעס איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך יעקב'ס „אָפּנאַרן" אים, פאַרוואָס איז ער אין כעס געוואָרן ערשט דעם צווייטן מאָל, נאָך דעם ברכות עפּיזאָד? וואָרום האָט ער ניט פיינט געהאַט יעקב'ן תיכף נאָך דעם פאַרקויפן די בכורה פאַר אַ נזיד עדשים? מוז מען דען אָפּנאַרן איינעם צוויי מאָל, כדי אַרויסצורופן געפילן פון שנאה; איז איינמאָל ניט גענוג?

דער ענטפער איז שוין אָנגעדייטעט געוואָרן. כל זמן עשו האָט געטראַכט, אַז יעקב וויל נאָר די בכורה, טראַדיציאָנעלע אידישקייט: תפילין, ציצית, תפלה בצבור, שלש סעודות, קרבנות, בית המדרש; כל זמן ער האָט געגלויבט, אַז יעקב טראַכט נאָר פון קדושת מחיצות, רשות היחיד, און אַז דעם רשות הרבים, די שדה, מיט אירע ברכות, די ברייטע וועלט, האָט ער איבערגעלאָזן פאַר עשו'ן, — האָט עשו יעקב'ן פאַרגונען די בכורה. אָבער נאָך דער מעשה מיט די ברכות, האָט זיך עשו אַרומגעזען, אַז יעקב'ס מעטאָדן האָבן זיך געביטן, אַז ער באַנוגנט זיך ניט מיט קדושת מחיצות אַליין, נאָר וויל אויך כובש זיין דעם רשות הרבים, אַז ער האָט חשק צום „מטל השמים ומשמני הארץ", אַז ער בויט מאָדערנע סקולס, אַז ער שטעלט אויף גרויסע בנינים, אַז זיינע תלמידים זיינען אויסגעשולטע אַקאַדעמיקער, אַז יעקב וויל ניט אַז עשו זאָל אים רעפּרעזענטירן ביי אבימלך'ן און פיכל שר צבאו, אַז יעקב וויל אַוועקנעמען פון עשו'ן זיינע עקסלוזיווע רעכט צו ריידן וועגן יהדות, מחשבת היהדות און השקפת היהדות, און אַז ער זאָגט גאָר אַ דעה וואָס מען דאַרף דיסקוטירן מיט אבימלך'ן, — דאַמאָלס האָט ער יעקב'ן פיינט געקראָגן, ווייל יעקב איז געוואָרן זיין קאָנקורענט. „וישטם עשו את יעקב על

הברכות אשר ברכו אביו״; די געפאַר, לויט עשו׳ס מיינונג, ליגט אין יעקב׳ס באַגער צו קריגןביידע זאַכן — סיי די בכורה און סיי די ברכות.

## ה.

## כופר נפש

אָבער מיר קענען פאַרזעצן דעם ודוי מעשר שני אין דער בחינה פון „נאוה אני בנות ירושלים״ אויך בנוגע אַן אַנדער אספעקט, נעמליך — אונזער גרייטקייט צו זאָגן, ווען מען דאַרף, שחורה אני בנות ירושלים. מיר ווייסן, אַז מיר זיינען זייער ווייט פון זיין פערפעקט. מיר פאַרגעסן קיינמאָל ניט אונזערע חטאים און אונזערע פעלערן, וואָס מיר זיינען באַגאַנגען. מיר זאָגן עפנטליך ניט נאָר דעם ודוי מעשר שני: „עשיתי ככל אשר צויתני״, נאָר אויך דעם ודוי יום־הכפורים: לא עשיתי ככל אשר צויתני.

אין חיי־שרה לערנען מיר: „ויהי כאשר כלו הגמלים לשתות ויקח האיש נזם זהב בקע משקלו ושני צמידים על ידיה עשרה זהב משקלם״. זאָגט דאַרויף תרגום יונתן בן עוזיאל און רש״י: „בקע — רמז לשקלי ישראל, בקע לגלגלת; ושני צמידים — רמז לשני לוחות מצומדות; עשרה זהב משקלם — רמז לעשרת הדברות שבהן״. (אין ב״ר ווערן נאָר דערמאָנט די עשרת הדברות און די שני לוחות). מיר פאַרשטייען זייער גוט, פאַרוואָס חכמינו, ז״ל, האָבן פאַרבונדן אליעזר׳ס אַנטשיידונג מקדש צו זיין רבקה׳ן פאַר יצחק׳ן מיט מתן תורה. פשוט, אליעזר האָט גוט תופס געווען די וויכטיגקייט פון זיין באַשלוס בנוגע דעם גאַנצן עתיד פון בית אברהם. אויב ער האָט געהאַנדלט מיט שכל און רבקה איז די ריכטיקע פרוי פאַר יצחק׳ן, דאַן וועלן אַלע הבטחות צו אברהמ׳ען מקויים ווערן, דאַן וועלן אברהמ׳ס קינדער זוכה זיין צו גילוי שכינה און מתן תורה, און עס וועט פון זיי אויסגעפורעמט ווערן אַ ממלכת כהנים וגוי קדוש. אויב ער מאַכט, ח״ו, אַ טעות, און רבקה איז ניט די פאַסנדע לעבנס־באַגלייטערין פון יצחק׳ן, דאַן וועט אַלץ גיין לאיבוד. דער שיקזאַל פון די לוחות און עשרת הדברות איז געווען אָפּהענגיק פון אליעזר׳ס אַנטשיידונג. אָבער פאַרוואָס האָבן די חכמים אַריינגעפירט דעם סימבאָל פון מחצית השקל — בקע לגלגלת? פאַרוואָס איז עפּעס מחצית השקל אויסגעקליבן געוואָרן מער ווי אַנדערע מצוות צו סימבאָליזירן דעם עתיד פון ישראל. וואָס איז דער סוד פון מחצית השקל?

מיר דוכט זיך, אַז אין מחצית השקל ווערט רעפלעקטירט אונזער גרונט־

השקפה וועגן מענטשן; יעדער מוז געבן כופר נפש. „ונתנו איש כופר נפשו לה׳ בפקוד אותם״. כופר נפש איז ניט חטאת אָדער אשם. די קרבנות קומען אויף ספּעציפישע עברות: חטאת על דבר שזדונו כרת, אשם — אויף מעילה, שבועת הפקדון, שפחה חרופה. עס איז דאָ אויך אַן אשם תלוי פון אַ ספק חטא. כופר, אָבער, דאַרפן אַלע געבן — חוטאים און יראים, פּשוט׳ע אידן און תלמידי־חכמים, גדולי ישראל און חוטבי עצים און שואבי מים. „העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט ממחצית השקל לכפר על נפשותיכם״. יעדער מענטש דאַרף וויסן, אַז ער באַגייט פעלערן, און ניט אַלעמאָל שטייט ער אויף דער הויך, אויף וועלכער ער האָט געקאָנט שטיין. יעדער מענטש טאָר קיינמאָל ניט מסיח דעת זיין, אַז ער קען ניט אַנטשיידן און פּסק׳נען אַלע שאלות, ווי גרויס ער זאָל ניט זיין אין תורה אָדער אין חכמה, אַז עס זיינען דאָ תיקו׳ס, תיובתא׳ס און קושיא׳ס וועלכע מען קען ניט פאַרענטפערן. דער פּסוק זאָגט: „בצלם אלקים ברא אותו זכר ונקבה ברא אותם״. וואָס פאַר אַ שייכות האָט „זכר ונקבה ברא אותם״ מיט׳ן „צלם אלקים״? ענטפערן די חכמי הקבלה, אַז יעדער מענטש דאַרף פאַר־קערפּערן אין זיך די מדה פון משפיע (זכר) און אויך די מדה פון אַ מושפע (נקבה). יעדער איד דאַרף זיין אַ רבי און אַ תלמיד. עס איז ניטאָ קיין איד וואָס קען ניט עפּעס לערנען אַצווייטן — אַ מדה טובה, אַ דבר־תורה, אַ רגש, א.א.וו. פון דער אַנדער זייט איז ניטאָ קיין איד, אפילו דער גדול הדור, וועלכער דאַרף קיין רבי׳ן ניט האָבן און וואָס קען עפּעס ניט לערנען אפילו פון אַ פּשוט׳ן אידן. איזהו חכם הלומד מכל אדם. עס איז ניטאָ קיין איד, וועלכער זאָל האָבן דאָס מאָראַלישע רעכט צו מוסר׳ן יענעם, בשעת ער איז אַליין ניט גרייט מקבל זיין תוכחה. יעדער איד דאַרף זיין אַ מוכיח, אָבער גלייכצייטיק אויך אַ מקבל תוכחה. יעדער איד מוז באַצאָלן כופר נפש, יעדער איד מוז געבן מחצית השקל.

אידיער אליעזר האָט געפּאַסט זיין ענטגילטיקן באַשלוס אויסצוקלייבן רבקה׳ן פאַר יצחק׳ן, האָט ער איר אַ פרעג געטאָן: „ויאמר בת מי את; הגידי נא לי היש בית אביך מקום לנו ללין״? און ווען זי האָט געענטפערט: „גם מקום ללון״, איז אליעזר געוועזן זיכער אַז זי איז די פּרוי פאַר יצחק׳ן. פאַרוואָס איז די מידה פון הכנסת אורחים געוועזן אַזוי וויכטיק בביתו של אברהם? ווייל אין הכנסת אורחים שפּיגלט זיך אָפּ אַ גייסטיקע איינשטעלונג צום צווייטן. ווען אַ איד פילט, אַז ער איז ווייט פון פולקאָמענהייט, אַז ער טאָר ניט אַלע מאָל זיין אַ מורה־דרך, אַז אים פעלט שכל און בינה, אַז ער קען לערנען אַסך פון אַן אַנדערן, פון אַ פרעמדן, אַז דער צווייטער, ווי קליין ער זאָל ניט זיין, קען אים עפּעס נייעס דערציילן, אַז ער דאַרף האָבן כופר

נפש, דאַמאָלס איז יעדער גאַסט אַ אורח חשוב, ווייל מיט יעדן מענטשן קען מען אַנטדעקן נייע דימענסיעס אין אייביקן אמת, און אַ נייע ליכט קען אויפֿשיינען מיטן דערשיינען פֿון אַ פֿרעמדן; דאַמאָלס זעט ער אין יעדן אורח אַ חשוב׳ן גאַסט.

אָבער ווען אַ איד איז איבערצייגט וועגן זיין אייגענער צדקות, וועגן זיין לומדות און חכמה, ווען ער דענקט, אַז ער קען קיינמאָל ניט מאַכן קיין טעות, ווען ער האַלט, אַז ער דאַרף ניט געבן קיין כופר נפש און ממילא איז ער ניט חייב אין מחצית השקל, — דאַן קען ער ניט דערפילן די מצוה פֿון הכנסת אורחים, ווייל וואָס קען אים דער אורח לערנען? „היש בית אביך מקום לנו ללין״? איז דאָ אַ פּלאַץ אין דיין פֿאָטער׳ס הויז פֿאַר אַ שליח פֿון אברהם׳ען וועלכער ברענגט אַ נייעם וואָרט מיט אַ נייער אמונה, מיט אַ נייער עטיק און מאָראַל, אָדער איר, די אַריסטאָקראַטן פֿון חרן, האַלטן זיך אַזוי גרויס, אַז איר ווילט זיך גאָרניט צוהערן צו אַן אָרימען משולח פֿון ארץ כנען? אויף דער שאלה האָט רבקה געענטפֿערט: „גם מקום ללון — להרבה לינות״, — אליעזר, איך בענק נאָך עפּעס, וואָס מיין פֿאָטער׳ס הויז קען מיר ניט געבן; איך בין דאָרשטיק נאָך אַ נייער בשורה, איך בין מוכן ומזומן צו זיצן נעכט גאַנצע און זיך צוהערן צו די מעשיות וואָס דו וועסט דערציילן וועגן יענעם מיסטעריעזן אברהם׳ען, וועלכער איז אַוועק פֿון אונז מיט אַזויפֿיל יאָרן צוריק. אליעזר, איך דאַרף גאולה, כופר נפש, איך בין גרייט צו לערנען. דאַן האָט אליעזר פֿאַרשטאַנען, אַז זי איז די פּאַסיקע פּרוי פֿאַר יצחק׳ן — „אותה הוכחת לעבדך ליצחק״. יע, מחצית השקל איז דער סימבאָל פֿון אידישער באַשיידענקייט און הכנעה, און פֿון דער באַרייטוויליגקייט צו זיין אַן אייביקער תלמיד.

מיר זיינען „נאוה״ דורך דעם וואָס מיר וויסן אַז מיר זיינען „שחורה״; אַז מיר זיינען וויט פֿון פּערפֿעקציע, פֿון שלמות. מיר באַגייען אַ סך פֿעלערן. פֿיל מאָל ווערן מיר מיטגעשלעפּט מיט׳ן עולם און מיר באַנוגענען זיך מיט פּאָליטישע זיגן, און פֿאַרנאַכלעסיקן די חינוך־אַרבעט. אַסך מאָל האָבן מיר מורא פֿאַר די וועלכע גלויבן, אַז דער רבש״ע האָט זיי באַשטימט אַלס שופֿטים און אַז חשבון־הנפש דאַרף מען מאַכן מיט׳ן צווייטן, ניט מיט זיך אַליין, ווייל נאָר יענער קען מאַכן אַ טעות, ניט זיי.

אַסך מאָל ווערן מיר מיטגעריסן פֿון יצר־הרע וועלכע האָט זייער מורא פֿאַר׳ן דעת הקהל. „שחורה אני״ זיינען מיר אויך אין אַנדער זין. מיר האָבן ניט פּרעזענטירט אונזער ריכטיקן דמות דיוקן צו דער וועלט. מיר האָבן זיך אידענטיפֿיצירט אַ סך מאָל מיט פּראָיעקטן, וואָס טראָגן זייער וויכטיקייט, כאַראַקטעריזירן זיי ניט אונזער באַוועגונג. מיר

האָבן אַמאָל געלייגט צופיל אַכט אויף קליינִיקייטן און פאַרנאַכלעסיקט גרויסע זאַכן. אַוודאי, זיינען מיר חייב כופר נפש, און מיר זיינען אויך גרייט צו צאָלן דעם כופר נפש. אויף דער פראַגע: „היש בית אביך מקום לנו ללין" — נויטיקן מיר זיך אין אַ מוכיח? דאַרפן מיר האָבן אַ רבי'ן? זיינען מיר דאָרשטיק נאָך אַ נייע וואָרט, אָדער אַ נייער לערע, זיינען מיר מוכן ומזומן צו גיין אין חדר? ענטפערן מיר ווי רבקה: „גם מקום ללון" לינות הרבה, מיר דאַרפן האָבן אַסך מוכיחים, אַסך רביים, מיר זיינען דאָרשטיק נאָך נייע געדאַנקען, און מיר האָבן נאָך אַסך צו לערנען.

לאָמיר אַלע זאָגן די תפלה פון ר' אלכסנדרי: „רבון העולמים: גלוי וידוע לפניך שרצוננו לעשות רצונך. ומי מעכב? שאור שבעיסה ושעבוד מלכויות. יהי רצון מלפניך שתצילנו מיצר הרע ונשוב לעשות חקי רצונך בלבב שלם!"

# אברהם העברי

## א.

### „וירא" און „ויאמר"

**חשבון־הנפש** איז אַן אַלטע אידישע אידייע. געוויינלעך איז זי ביים דורכשניטליכן מענטשן ענג פאַרבונדן מיט חודש אלול און עשרת ימי תשובה. דער קשר צווישן ימים נוראים און חשבון הנפש איז אַ ריכטיקער על פי ההלכה, אָבער די אידייע פון חשבון־הנפש איז פון אַ פיל ברייטערן פארנעם און אַ טיפערן אינהאַלט, ווי זוכן פעלערן און קלאַפּן זיך על־חטא. אמת, זייער אָפט איז דער רעזולטאַט פון חשבון־הנפש חרטה און פאַרדרוס אויף מעשים, וואָס מען האָט ניט געדאַרפט טאָן; אמאָל, אָבער, איז די תוצאה פון חשבון־הנפש שמחה און שביעת־רצון איבער גרויסע דערגרייכונגען, צו וועלכע מען האָט זוכה געווען. דער מקור פון חשבון הנפש איז ניט בלויז דער פסוק „ ,על כן יאמרו המושלים באו חשבון' — בואו ונחשוב חשבונו של עולם" (ב"ב ע"ח, ב), נאָר אויך אַן אַנדער פסוק, גלייך ביים אָנפאַנג פון דער תורה. ווען די תורה דערציילט אונדז די מעשה פון בריאת העולם, באַטאָנט די תורה, אַז דער רבש"ע האָט, כביכול, געוואָרפן אַ בליק אויף דער יצירה, וואָס איז שוין צושטאַנד געקומען: „וירא א־לקים את אשר עשה והנה טוב". פרייטיק פאַרנאַכט, ווען די גאַנצע וועלט, ניי און פריש, האָט זיך פאַנאַנדער־געשפרייט פאַר׳ן אדון עולם, באַמערקט די תורה ווידער: „וירא א־לקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד"; ערשט דאַמאָלסט האָט ער מקדש געווען דעם יום השביעי און אים געבענטשט. מיט איין וואָרט: חשבון הנפש מיינט בליקן אויף צוריק, רעטראָספּעקציע.

אין דעם „וירא א־לקים" איז פאַרבאָרגן אַ גאַנצע וועלט־אויפפאַסונג. אַ מענטש לערנט זיך פון בורא עולם (והלכת בדרכיו; „ואנוהו" — הוי דומה לו) ער איז אויך, בזעיר אַנפּין, אַ יוצר; ער איז שעפעריש; ער האַלט זיך אין איין באַוועגן פאָראויס; ער איילט זיך אויף זיין שטענדיקן מאַרש

פאָרווערטס. אָבער פון צייט־צו־צייט דאַרף זיך אַ מענטש אָפּשטעלן, אומדרייען זיין פּנים ריקווערטס און קוקן אויף דעם עבר, אויף דער שטרעקע וועלכע ער האָט שוין געדעקט. ער דאַרף זיך פאַרטראַכטן וועגן די דערפאַרונגען וועלכע ער האָט איבערגעלעבט און וועגן זיינע לייסטונגען און מעשים וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון די דערפאַרונגען, און ערשט נאָכדעם דאַרף ער ווענדן ווידעראַמאָל זיין פּנים פאָראויס און זיך אָנהויבן פונדאָסניי צו באַוועגן. דער בורא עולם האָט, כביכול, אַזוי געטאָן: אַ בליק ריקווערטס — „וירא" — און די ווענדונג פאָרווערטס — „ויאמר א־לקים".

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ווען אַ מענטש איז מקיים דעם „וירא את אשר עשה", קען ער ניט קומען, ווי דער רבש"ע, כביכול, צום שלוס „והנה טוב מאד". אַ בשר־ודם געפינט אין זיין רעטראָספּעקציע פּאָזיטיווע און אויך נעגאַטיווע לייסטונגען, דערגרייכונגען און פעלערן. „וירא האדם את כל אשר עשה והנה טוב וגם רע מאד". ממילא דאַרף דער „וירא" מחייב זיין דעם מענטשן פון איין זייט אין הודאה, אין דאַנקען דעם רבש"ע, ווייל ער האָט דערמעגלעכט דעם מענטשן צו באַוועגן זיך פאָראויס, צו שאַפן און אָפּצוהאַלטן נצחונות; אָבער פון דער אַנדער זייט פאַרפליכטעט דער „וירא" דעם מענטשן צו וידוי (פון דעם זעלבן שורש ווי הודאה). דער מענטש מוז אָנערקענען די פעלערן וואָס ער איז באַגאַנגען און זיך מתודה זיין אויף זיי. בכלל איז ביי אידן הודאה (שמחה) אלעמאָל פאַרבונדן מיט וידוי און תשובה. ניט אומזיסט האָבן אַ סך גאונים און ראשונים גע'פסק'נט, אַז ראש השנה און יו"כ זאָגט מען „ותתן לנו ה' אל־קינו מועדים לשמחה, חגים וזמנים לששון; והשיאנו ה' א־לקינו את ברכת מועדיך לחיים ולשלום, לשמחה ולששון וכו' ". ווי פּאַסט אַריין שמחה אין דעם ראַם פון על חטא? ווייזט אויס, אַז די הלכה האָט אין דעם קיין סתירה ניט געזען; אדרבה ואדרבה. און וואָס איז יו"כ, אויב ניט דער טאָג פון רעטראָספּעקציע, פון דעם גרויסן יערלעכן „וירא האדם את כל אשר עשה והנה טוב וגם רע מאד"? על־כן איז יום־כיפור אַ טאָג פוןביידע זאַכן — פון וידוי און פון שמחה, פון זאָגן סליחות און פון זאָגן שירה.

ממילא, היינט אַוונט וואָלט איך וועלן מקיים זיין, בזעיר אנפין, דעם „וירא". לאָמיר אויף אַ קורצער ווילע ווענדן אונדזער געזיכט ריקווערטס און וואַרפן אַ בליק, ערנסט און אויפריכטיק, אויף דעם וועג וועלכן מיר האָבן דורכגעמאַכט די לעצטע עטלעכע יאָר. אַ סך יהי'ס, באַפעלן, האָט די השגחה אַרויסגעלאָזן צו דער אידישער געשיכטע פאַר אָט־דער צייט. מיר, ד. ה. אידן וועלכע לייגן תפלין, זיינען קובע עתים לתורה, וועמען דער בורא עולם האָט געבענטשט מיט אַ חוש פון היסטאָרישער שמיעה און וועלכע האָבן

פאַרשטאַנען וואָס דער „ויהי״ מיינט און וואָס מען פאַרלאַנגט פון אונדז, און האָבן געגענטפערט דעם „ויהי״ מיטן היסטאָרישן „הנני!״ — דאַרפן פון צייט־צו־צייט מאַכן אַ חשבון הנפש, אַנווענדן די מדה פון הבטה לאחור, פון רעטראָספעקציע. אמת, מיר האַלטן נאָך ניט ביים יום הששי פון יצירה אין דער אידישער געשיכטע; אונדזער וועלט, אונדזער שיקזאַל איז נאָך אַלץ אין אַ מצב פון תהו ובהו. אונדזער ווערק איז נאָך ווייט־ווייט פון זיין פאַר־ענדיקט; מיר האַלטן נאָך ביי דער אַתחלתא דאתחלתא, מיר קענען נאָך ניט מאַכן קיין איבערזיכט איבער דעם „כל אשר עשינו״. אָבער פונדעסטוועגן איז זייער וויכטיק פאַר אונדז דוקא איצט מקיים צו זיין די מצוה פון „וירא״, אויב ניט בנוגע „כל אשר עשינו״, איז לכה״פ „אשר עשינו״.

ווי איך האָב באַטאָנט פריער, דער „וירא״ וועט אונדז פאַרפליכטן סיי אין הודאה — דאַנקען דעם רבש״ע פאַר די לייסטונגען וואָס קענען פאַררעכנט ווערן איף אונדזער חשבון, און סיי אין וידוי, אַזוי אַז מיר וועלן זיך דאַרפן מתודה זיין אויף טעות׳ן און חטאים וואָס מיר זיינען באַגאַנגען אין משך פון אונדזער אַרבעט.

## ב.

## גבורה און כח

לאָמיר אָנהויבן מיט הודאה. ערשטנס דאַרפן מיר דאַנקען דעם בורא עולם און זאָגן די ברכה, וועלכע אַ איד פּראָקלאַמירט יעדן פרימאָרגן: „ברוך ... אוזר ישראל בגבורה״. אינטערעסאַנט איז, אַז בשעת די ברכה איז מדינא דגמרא, איז דאָ אַ צווייטע ברכה, וועלכע איז איינגעפירט געוואָרן אין סידור ערשט אין מיטלאַלטער — „הנותן ליעף כח״. וואָס איז דער אונטערשייד צווישן גבורה און כח? כח באַצייכנט קראַפט, יכולת, ווי למשל, די טערמינען: כח גברא, כח נוטל, כח ראשון, כח שני, אין כל הכחות שווים, א. אַ. וו. די אַלע טערמינען באַציען זיך אויף פיזישער קראַפט, וואָס ווערט באַנוצט דורכן מענטשן און אויך חיות. זעט איר, גבורה מיינט ניט קראַפט אין פיזישן זין. גבורה שטעלט מיט זיך פאָר עפּעס אַנדערש און איז אַן אויסשליסלעך־מענטשליך־גייסטיקע קאַטעגאָריע. דער אויסדרוק אין תהלים (קמ״ח, י): „לא בגבורת הסוס יחפץ״, באַציט זיך אויפ׳ן רייטער, ניט אויפ׳ן פערד. דער סוף־פּסוק „לא בשוקי האיש ירצה״ באַשטעטיקט דעם פשט. גבורה באַדייט: העראָאיזם. אַ גיבור מיינט ניט אַ שטאַרקער מענטש אין פיזישן זין, נאָר אַ מענטש וועלכער באַזיצט די מידת הגבורה, העראָאיזם. העראָאיזם און קראַפט, גבורה און כח זיינען

אַ סך מאָל אין דער בחינה פון שני כתובים המכחישים זה את זה. ווען כרושטשעוו, למשל, באַרימט זיך מיט זיינע מיסילס און טערמאָנוקלעאַרע באָמבעס, ליגט אין זיינע באַרימערייען קיין גבורה ניט. אויב אַ מענטש איז באמת אַ גרויסער בעל כח דאַרף ער ניט באַזיצן קיין הערמאָאיזם, כדי צו קעמפן מיט זיין קעגנער, וועלכער איז שוואַכער פון אים. זעט איר, ווען דער חלש, דער אין פיזיש־מיליטערישן זין שוואַכערער נעמט אויף אַ קאַמף מיט אַ בעל־כח, וועלכער איז גרעסער נומעריש, בעסער באַוואָפנט און געפינט זיך אין אַ בעסערן סטראַטעגישן מצב, דאַן מאַניפעסטירט ער מידת הגבורה, הערמאָאיזם. ווען מדינת־ישראל איז געווען, למשל, פאַרוויקלט אין אַ קאַמף מיט אַלע אירע אַראַבישע שכנים, איז דער כח געווען אויף דער זייט פון אירע שונאים; די מידת הגבורה דערביי איז אויסשליסלעך דעמאָנסטירט געוואָרן דורך דער קליינער מדינה.

מיט אַנדערע ווערטער, גבורה הייסט קעמפן, ווען די שאַנסן פאַר נצחון זיינען זייער קליין, ווען על פי שכל וואָלט מען זיך באַדאַרפט אונטער־געבן, ווייל פון לאָגישן שטאַנדפונקט זעט אויס דער קאַמף צו זיין אַ פאַר־לוירענער. גבורה מיינט טאָן דאָס פאַראַדאָקסאַלע, אַבסורדאַלע. אַ סך מאָל, געוויינלעך, מאַכט די דורכשניטלעכע לאָגיק אַ טעות, און דוקא ווען גבורה שטייט אין ווידערשפּרוך צו כח, זיגט גבורה און ניט כח. „על הנסים ועל הגבורות" — דער נס באַשטייט אין דעם, וואָס די גבורה האָט מנצח געווען דעם כח; „רבים ביד מעטים". דעם זעלבן וואונדער האָבן מיר אויך זוכה געווען צו זען ביי דער אנטשטייאונג פון מדינת־ישראל, ווען גבורה האָט באַזיגט כח.

אויב איר וועט מיך פרעגן, וואָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דער אידישער געשיכטע אַלס גאַנצע, פון אברהם אבינו ביז מדינת־ישראל, וועל איך אייך ענטפערן, אַז דאָס כאַראַטעריסטישע ווערט אויסגעדריקט אין אונדזער היסטאָריש־הערמאָאישער גבורה־עקזיסטענץ. פון אברהם אבינו אָן האָבן מיר געטאָן זאַכן, וואָס לאָגיש, על פי שכל, וואָלטן זיי געדאַרפט פירן צום ערגסטן דורכפאַל. מיר זיינען תמיד געווען אין דער בחינה פון „כל העולם כולו מעבר אחד והוא מעבר אחד". פון שטאַנדפונקט פון כח האָט קיינמאָל ניט געקענט זיין קיין פאַרגלייך צווישן אונדזערע באַגרענעצטע כחות און די ריזיקע כחות פון אונדזערע שכנים. טראָץ דעם האָבן מיר באַוויזן אויפצוהאַלטן אונדזער קיום אַלס „עם לבדד ישכון" דורך דער מידת הגבורה. דער „ואעפ"י שיתמהמה עכ"ז אחכה לו" איז די מאָטאָ פון אונדזער געשיכטע. אעפ"י, טראָץ דער געשיכטלעכער לאָגיק, אעפ"י, טראָץ די גרונט־געזעצן פון געשיכטלעכער עקזיסטענץ, אעפ"י, טראָץ דעם, וואָס די מענטשלעכע געדולד און קאַפּאַציטעט פאַר ליידן איז באַגרענעצט

און האָט שוין לאַנג געדאַרפט אויסגעשעפּט ווערן, עקזיסטירן מיר אַלס אַן עם הנבחר. אויב איר וועט מיך פרעגן: מי הוא יהודי? וועל איך אייך ענטפערן: מי שחי חיי גבורה הוא יהודי. אַ איד אין מיינע אויגן איר דער, וועלכער איז גרייט צו לעבן העראָאיש, צו זיין תמיד אין דער מינדערהייט, צו זיין ביכולת צו קעמפן קעגן זיך אַליין און קעגן דער אייגענער דורכשניטלעכער לאָגיק.

אונדזער עקזיסטענץ איז העראָאיש אין אַ סך בחינות. שמירת המצוות אַליין איז פאַרבונדן מיט העראָאיזם. דער כשרון פון שבירת הרצון און די יכולת צו באַזיגן די נאַטירליך־אינסטינקטיוועלע טרייב־קראַפט אין מענטשן, איז אַ טייל פון דער אידישער פּייאיקייט צו לעבן העראָאיש.

דער מדרש און רש״י, אויפ׳ן פסוק „בטנך ערמת חטים סוגה בשושנים״, שילדערן שיין דעם כשרון פון אידן צו האַנדלען אסך מאָל קעגן דער אונבאַגרעניצטער מאַכט פון זיין נאַטירליכער ליידנשאַפט.

„הרי חתן נכנס לחופה. לבו מתגעגעת לחופה ולחיבת חיתוניו. בא להזקק לה, אמרה לו: טיפת דם כחרדל ראיתי. הרי הופך פניו לצד אחר, ולא נשכו נחש ולא עקרב עוקצו, הרי ׳סוגה בשושנים׳״. וואָס צווינגט דעם יונגן אינגל פּורש זיין פון זיין כלה, צו ווען עס ציט אים אַזוי — אַן אויסערע מאַכט, אַ פיזישע סכנה? ניין. ווער וועט אים פאַרדאַמען, אויב ער וועט זינדיקן? ווער וועט אים קריטיקירן, אויב ער וועט ניט קענען ביישטיין דעם יצר־הרע? ווער וועט בכלל וויסן וועגן דעם? די גאַנצע דראַמע שפּילט זיך אָפּ בחדרי חדרים, אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט. עס טיילט אים אָפּ, ניט קיין אייזערנע מחיצה, נאָר אַ בייט פון רויזן. אַלץ וואָס ער דאַרף טאָן איז אַרויפטרעטן אויף דעם בייט און פאַרניכטן די רויזן. אָבער דאָס ספּעציפיש־העראָאישע, וואָס געפינט זיך אין יעדן אידן, האַלט אים אָפּ פון באַגיין דעם „וואַנדאַליזם״ פון צוטרעטן פרישע, פּראַכטפולע בלומען וואָס קענען זיך ניט פאַרטיידיקן און וואָס קענען זיך ניט קלאָגן קעגן קיינעם. עס איז אַ שטילער העראָאיזם, אַ שטומע גבורה, וואָס ווערט פון קיינעם ניט באַזונגען. טראָץ דעם איז די גבורה פון יונגן אינגל פיל גרעסער פון דער גבורה פון אלכסנדר מוקדון און נאַפּאָליאָן.

אויב גבורה איז דער תוכן פון יהדות, און די השגחה האָט אַלעמאָל געפאָדערט פון אידן צו לעבן העראָאיש, לייגט זי היינט נאָך מער ווי אַלעמאָל דעם דגש חזק אויף גבורה, ווייל מיטן אידישן אַריינטריט אין דער מערב־געזעלשאַפט און אונדזער אינטעגראַציע אין דער אַלגעמיינער ווירטשאַפט, קען מען בכלל ניט אָנהאַלטן קיין אידישן לעבן אויב עס פעלט דער רצון אָדער די יכולת אויסצואיבן די מידת הגבורה אויפן העכסטן שטייגער. מען מוז זיין אַן אויסערגעוויינלעכער גיבור צו זיין אַ שומר־

שבת היינט־צו־טאָג, אָדער מחנך זיין די קינדער צו תורה, אָדער מקיים צו זיין אַנדערע מצוות.

דאָ האַנדלט זיך ניט אַזוי וועגן דעם געלט־פאַרלוסט, וואָס אַ שומר־שבת מוז ליידן, נאָר וועגן דער עצם אידייע פון זיין אַנדערש פון אַנדערע, ווי למשל, צו פאַרמאַכן אַ געשעפט אין אַ טאָג, וואָס ביי דער מערהייט איז ער אַזוי וואָכעדיק, ווי אַנדערע טעג; אין שיקן אַ קינד אין אַ ישיבה, וואָס באַקאַנטע און פריינט זיינען מבטל.

בשעת אַמאָל האָט זיך די אידישע העראָאיק מאַניפעסטירט אין אונדזער באַציאונג צו די אומות העולם, וועלכע האָבן אונדז ניט פאַרשטאַנען און פאַרפאָלגט, דאַרפן מיר היינט־צו־טאָג באַוויזן גבורה אין אונדזערע פאַר־העלטעניש צו אַנדערע אידן, וועלכע באַגרייפן ניט אונדזער אַרט לעבן, פונקט ווי די גויים אַמאָל האָבן עס ניט באַגריפן. אַ פרומער איד היינט צו־טאָג דאַרף מאַכן די ברכה „אוזר ישראל בגבורה" מיט מער כוונה ווי די אַמאָליקע אידן האָבן געהאַט בשעת זיי פלעגן אין דער פרי זאָגן די ברכה, ווייל אַ סך מאָל שפיגלט אָפּ די ברכה זיין גרייטקייט צו זיין אַ בודד צווישן אייגענע ברידער און שוועסטער.

אויב עס איז דאָ אַ חבורה וואָס איז באַרעכטיקט צו מאַכן די ברכה מיט שמחה און שטאָלץ, זיינען עס אונדזערע חברים אין ישראל, וועמענס גבורה דריקט זיך אויס ניט נאָר אין זייער פריוואַטן לעבן, נאָר אויך אין זייער קאַמף פאַר אַ העראָאישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, און אין זייער פאָדערונג, אַז די מדינה אַלס אַזעלכע זאָל עקזיסטירן העראָאיש ניט נאָר אויפן שלאַכטפעלד, נאָר אין טאָגטעגלעכן לעבן. אונדזערע חברים זיינען ניט קיין בעלי־כח. זייער פאַרטרעטערשאַפט אין דער כנסת איז אַ זייער באַגרענעצטע. זייערע געלט־מיטלען זיינען זייער קליינע, זייערע באַציאונגען מיט דער פרעסע זיינען שוואַכע, און פונדעסטוועגן פירן זיי אָן אַ ביטערן קאַמף, כדי צו פאַרוואַנדלען ארץ ישראל פון אַ קאָמפאָרטאַבלען חולינ׳דיקן שטאַט, אין אַ העראָאיש־הייליקער מדינה. וואָס איז אונדזער גרעסטע דערגרייכונג? דער קאַמף אַליין! אין אים קומט צום אויסדרוק דער תמצית פון יהדות און אידיש־היסטאָרישער עקזיסטענץ.

איך ווידערהאָל: לעבן העראָאיש, קעמפן אַ סך מאָל אין בדידות, אין אַ פינסטערער נאַכט, וואָס איז פול מיט געשפענסטער; ראַנגלען זיך מיט אַ מיסטעריעזן קעגנער, אין דער בחינה פון „ויותר יעקב לבדו ויאבק איש עמו עד עלות השחר" — רעפּרעזענטירט דעם תוכן פון יהדות.

וואָס האָט יעקב דערגרייכט פּראַקטישעס דורך דעם קאַמף? גאָרנישט. ער האָט ניט דעראָבערט נייע טעריטאָריעס, ער האָט ניט געפונען קיין שלל, ער איז

ניט אַרויס פון דעם גערעאַנגל אַלס כובש עולמות. צו וואָס האָט ער געדאַרפט קעמפן? די תשובה איז אַ פשוט׳ע: דער קאַמף אַליין איז מקדש. אידיש לעבן מיינט הערפאיש לעבן. ממילא קענען אונדזערע חברים זאָגן „אילו נלחמנו ולא השגנו דבר, דיינו״. מיר זיינען מחוייב דאַנקען דעם בורא עולם פאַר דעם גרויסן חסד וואָס ער האָט אונדז געשענקט דורך געבן אונדז די געלעגנהייט מקיים צו זיין, ווי יעקב אַמאָל, דעם „ויאבק איש עמו עד עלות השחר״.

עס איז אַ זכיה, רבותי, צו זיין אַ מינאָריטעט צווישן אונדזערע אידן און אזורי גבורה קעמפן פאַר דער עטרת תפארת.

### ג.

### ויריבו רועי גרר עם רועי יצחק

אָבער מיר זיינען חייב הודאה צום בורא עולם ניט נאָר פאַרן „ויאבק איש עמו״, נאָר אויך פאַר אַ גרויסער דערגרייכונג. אויף אונדזער חשבון קענען פאַררעכנט ווערן אַ סך השגים, וועלכע איך וויל ניט אויסרעכענען איינציקווייז. איך האָב וועגן זיי גערעדט פאַראַיאָרן און פאַר צוויי־יאָרן. היינט וויל איך זיך נאָר אָפּשטעלן אויף דער גרעסטער דערגרייכונג, וואָס באַשטייט אין דעם, וואָס אונדזערע קעגנער הויבן אָן צו אָנערקענען, אַז מיר עקזיסטירן, לכל־הפחות דע־פאַקטאָ. אָנערקענונג איז געווען די איינציקע פּראַקטישע דערגרייכונג, וואָס יעקב האָט געקראָגן אַלס באַלוינונג פאַר זיין אונדערמידלעכן קאַמף, ווען זיין אַנטאַגאָניסט האָט זיך ביי אים געבעטן, „שלחני כי עלה השחר״, און יעקב האָט געענטפערט: „לא אשלחך כי אם ברכתני״. וואָס פאַר אַ ברכה האָט דען יעקב פאַרלאַנגט פון זיין קעגנער? אַלץ וואָס יעקב האָט געוואָלט, איז געווען, אַז דער קעגנער זאָל וויסן, אַז עס איז דאָ אַ איד וואָס לעבט הערפאיש און קעמפט הערפאיש אויב מען אַטאַקירט זיין אַרט־לעבן, און אַז גבורה באַזיגט אסך מאָל כח.

לאָמיר זיך אָפּשטעלן אַביסל לענגער אויף דער דערגרייכונג פון „לא אשלחך כי אם ברכתני״ אין קשר מיט אונדזער באַוועגונג. מיר דוכט זיך, אַז מיר האָבן פאַרענדיקט דעם „יום אחד״ פון יצירה, אַ באַשטימטע תקופה אין אונדזער אַרבעט, און מיר טרעטן אַריין אין דעם „יום שני״. אין וואָס דריקט זיך אויס דער אונטערשייד צווישן די צוויי תקופות אין אונדזער שיבת־ציון אַרבעט?

מיטן באַנוצן זיך מיט צוויי עפּיזאָדן פון יצחק׳ס לעבן, קענען מיר אילוסטרירן די שינוי תקופות וועגן וועלכן איך רייד. יצחק׳ס געבורט איז געווען פאַרבונדן מיט געלעכטער. „ותאמר שרה צחוק עשה לי א־לקים כל

השומע יצחק לי". מפרשים, צווישן זיי יונתן בן עוזיאל, טייטשן „צחוק" אין דעם זין פון געלעכטער, אונגלויבלעכער וואונדערן זיך (תמהא עבד לי ד'). (געווײנליך, אונקלוס און רש"י זײנען מפרש „יצחק" ניט אין זין פון לאַכן, נאָר פון פרייען זיך). דער עולם האָט געלאַכט פון דער גאַנצער מעשה. מען האָט ניט געגלויבט, אַז יצחק איז אברהם'ס יורש, און אַז ער, דער יונגער אינגל, אַ זון פון אַ נייעם דור, וועט זיך אַרומטראָגן מיט אברהמ'ס וויזיעס און תורות, און אַז ער וועט זיך אויך באַשעפטיקן מיט בויען מזבחות און מיט פּראָקלאַמירן ג־ט'ס נאָמען. מען האָט געלאַכט פון אברהמ'ס חלומות, אַז זיין זון וועט זיך מוסר־נפש זיין פאַר תורה און וועט קעמפן פאַר דער קדושה פון בית אברהם. ליצנים האָבן געזאָגט: מאבימלך נתעברה שרה; אַנדערע האָבן גע'טענה'ט: אסופי הביאו עמהם מן השוק. אברהמ'ס השקפת עולם, אברהמ'ס מצוות, חוקים ותורות קענען ניט איבערגעגעבן ווערן צו אַ מאָדערנעם דור, צו אַ יונגן יצחק'ן, וועלכער קעמפט מיטן ביקס און וועלכער אַרבעט אין לאַבאָראַטאָריעס און וועלכער דענקט אין מאָדערנע קאַטעגאָריעס. מיט אברהמ'ס טויט, האָט דער עולם גע'טענה'ט, וועט אָפּשטאַרבן זיין גאַנצע וועלט־אויפפאַסונג, זיינע מזבחות וועלן פאַנאַנדערפאַלן, זיין שלחן ערוך וועט אויפגעפרעסן ווערן פון מאָל, און אַלע שפורן פון זיין לעבנס־וועג וועלן פאַרווישט ווערן, פונקט ווי אברהמ'ס קבר וועט פאַרוואַקסן ווערן מיט גראָז. אַלע האָבן געלאַכט: „ותרא שרה את בן הגר המצרית מצחק"; מען האָט זיך ניט באַצויגן ערנסט צו דער גאַנצער געשעעניש. מען האָט יצחק'ן ניט פיינט געהאַט; מען האָט זיך צו אים באַצויגן מיט ביטול, מיט געלעכטער, מיט פאַראַכטונג — אָבער ניט מיט שנאה.

יאָרן זיינען פאַרלאָפן, און דער עולם, וואָס האָט אַמאָל אַזוי געשמאַק געלאַכט פון יצחק'ן און פון די האָפענונגען וואָס אברהם האָט געלייגט אויף אים, האָט פּלוצלונג זיך אָנגעהויבן וואונדערן און פרעגן אַ שאלה: איז יצחק באמת ערנסט אין זיינע פאַרזוכן צו רעסטאַווירן דאָס ווערק פון אברהמ'ען? וואָס טוט זיך דאָ, האָבן זיי געריבן זייערע אויגן — יצחק זעצט דאָך פאָר אברהמ'ס אַרבעט; ער קעמפט דאָך פאַר די זעלבע אידעאַלן, ער טוט דאָך די זעלבע זאַך, וואָס זיין טאַטע פלעגט טאָן? „וישב יצחק ויחפור את בארות המים אשר חפר אברהם אביו ויסתמום פלשתים אחרי מות אברהם". די פלישתים האָבן געטראַכט, אַז מיט אברהמ'ס טויט האָט זיך די גאַנצע אַרבעט אָפּגעשטעלט און אַז יצחק וועט זיך ניט קימערן וועגן די ברינימער, וואָס זיין טאַטע האָט אויסגעגראָבן. פּלוצלונג — „וישב יצחק ויחפור — — ויקרא להן שמות כשמות אשר קרא להם אביו": די זעלבע גמרא, דער זעלבער שלחן ערוך, דער זעלבער שבת, די זעלבע הלכות גטין. ווער האָט געקענט פאָראויסזען, אַז דער יונגער, מאָדערנער יצחק וועט אויך זאָגן, אַז אַ גרושה איז אסורה לכהן;

אַז ער וועט אויך גלויבן אין דער אינסטיטוציע פון חליצה, און אַז ער וועט פאַרלאַנגען אַ כשר׳ע קיך, און קעמפן פאַר רעליגיעזער דערציאונג, א. אַ. וו. ווער האָט געקענט טרעפן, אַז ער וועט ריידן די זעלבע שפּראַך ווי דער אַלטער אברהם — ווי דער מחבר, ווי דער רמ״א, ווי דער ווילנער גאון, ווי ר׳ חיים וואָלאָזשינער ?

פלוצלונג איז דער געלעכטער פאַרשוויגן געוואָרן; מען האָט זיך אויפגעהערט וויצלען אויף דעם חשבון פון יצחק׳ן, און מען האָט אים אָנגעהויבן מקנא זיין און קעמפן קעגן אים, פיינט האָבן, רודפ׳ן אים און באַגיין אַקטן פון געוואַלטזאַמקייט קעגן אים. „ויריבו רועי גרר עם רועי יצחק — ויקרא שם הבאר עשק כי התעשקו עמו וגו׳ ויחפרו באר אחרת ויריבו גם עליה ויקרא את שמה שטנה״. מיט איין וואָרט: פלוצלונג איז דאָס געפיל פון ביטול און פאַראַכטונג פאַרשוואונדן, און אָנשטאָט דעם איז אויפגעשוואומען אַ געפיל פון קנאה און האַס. פלוצלונג זיינען די ליצני הדור, וועלכע פלעגן דערציילן אַנעקדאָטן, מעשה׳לעך און רכילות וועגן אברהמ׳ען און שרה׳ן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רשעי הדור, וועלכע האָבן געוואָלט אונטערדריקן יצחק׳ן. איצט אָנערקענט מען שוין זיין עקזיסטענץ אָבער מען האָסט אים, און מען איז אים מקנא. קנאה, געוויינליך, פירט צו פאַרפאָלגונגען, אָבער זי רופט אַלעמאָל אַרויס יראת־הכבוד. בשעת מען האָט אָנגעהויבן פיינט האָבן יצחק׳ן, האָט מען אויך אנגעהויבן אים מכבד זיין. אָט־די באַציאונג צו יצחק׳ן קען באַטראַכט ווערן אַלס דער ערשטער נצחון פון בית־אברהם. עס איז אַלעמאָל בעסער צו זיין דער אָביעקט פון קנאה און האַס, וואָס פירן צו יראת־הכבוד, איידער אַרויסצורופן אַ געפיל פון רחמנות, וואָס איז באַגלייט מיט אַ געפיל פון ביטול און פאַראַכטונג.

„ויהי ערב ויהי בקר יום אחד״, — דער יום אחד פון „כל השומע יצחק לי״, פון „בן הגר המצרית אשר ילדה לאברהם מצחק״, איז פאַרענדיקט! אַ יום שני פון „ויריבו רועי גרר עם רועי יצחק — כי התעשקו עמו״, אַ יום שני פון „יהי רקיע בתוך המים ויהי מבדיל בין מים למים״ — צווישן שלומי אמוני ישראל און ניט־רעליגיעזע אידן; צווישן אידן וועלכע זיינען „מעל לרקיע״, וועמענס געדאַנקען און וויזיעס זיינען געווענדעט העכער ווי דער הימל, און אידן וועלכע זיינען מתחת לרקיע, — האָט זיך אָנגעפאַנגען. דער „יום שני״ וועט דויערן אַ לענגערע צייט, אָבער עס איז ליכטיק, אַלע ווייסן, אַז מיר זיינען דאָ, אַז מיר עקזיסטירן, אַז מיר קעמפן, אַז אונדזער מאָטאָ איז: „אוזר ישראל בגבורה״.

מיר זיינען חייב הודאה צום בורא עולם פאַר דעם שינוי השם — פון „כל השומע יצחק לי״, צו „עשק״ און „שטנה״; פאַר דער ענדערונג אין דער

באַציאונג צו אונדז — פון געלעכטער צו האַס און מורא׳דיקער אַגרעסיוויטעט. איך האָב אַליין געערדט מיט צענדליקער אומשולדיקע ישראלים, וועמען די השקפת עולם פון מדת הגבורה איז פרעמד, און איך האָב אויסגעפונען, אַז זיי האָבן באמת מורא פאַר די דתיים, אַז זיי זאָלן זיי ניט צווינגען, ח״ו, צו היטן כשרות און צו לייגן תפלין דר״ת. משה האָט אין זיין שירה געזאָגט: „שמעו עמים ירגזון חיל אחז יושבי פלשת. אז נבהלו אלופי אדום אלי מואב יאחזמו רעד״. אין פלוג פאַרשטייט מען גאָרניט, פאַרוואָס משה איז געווען אַזוי גליקלעך מיט׳ן פחד וואָס איז אַרויפגעפאַלן אויף אדום און מואב. אידן האָבן דאָך גאָר ניט געהאַט בדעה צו אַטאַקירן אָט־די צוויי אומות. דער רבש״ע האָט דאָך שטרענג אָנגעזאָגט משה׳ן בנוגע די צוויי אומות: „ואת העם צו לאמר אתם עוברים בגבול אחיכם בני עשו וגו׳ וייראו מכם ונשמרתם מאד אל תתגרו בם כי לא אתן מארצם עד מדרך כף רגל״. „ויאמר ה׳ אלי אל תצר את מואב ואל תתגר בם מלחמה כי לא אתן לך מארצו ירושה״.

דער ענטפער איז, אַז אַמאָל דאַרף מען זאָגן שירה אויף אַ פחד וואָס באַפאַלט אונדזערע קעגנער, אפילו ווען עס איז ניט מער ווי אַ פחד שוא, ווייל פחד איז אַ סימן פון דרך־ארץ און רעספעקט, און דעמאָנסטרירט אויפן קלאָרסטן אופן, אַז די קעגנער אָנערקענען דעם עם ישראל אַלס אַ לעבעדיקע און דינאַמישע מאַכט. דער פחד האָט פאַר משה׳ן ניט געהאַט קיין פראַקטישע באַדייטונג, אָבער פסיכאָלאָגיש האָט עס מאַניפעסטירט אַ רעוואָלוציאָנערן שינוי אין דער פאַרהעלטעניש פון די אומות העולם צו די בני ישראל. אויך מיר פרייען זיך און זאָגן שירה אויף דעם פחד וואָס איז באַפאַלן אַ סך ישראלים, וועלכע האָבן מורא מיר זאָלן זיי ניט צווינגען צו טראָגן אַ וואָלענעם טלית־קטן אין תקופת תמוז; אויף דעם פחד וואָס איז באַפאַלן די „ליגה נגד כפיה דתית״ און אַנדערע אַטעאיסטישע גרופּן. אז נבהלו אלופי הסעקולאַריזם אלי החילוניות יאחזמו רעד.

פאַר דיביידע זכיות — די זכיה צו קעמפן קעגן אַ מעכטיקן קעגנער, ווען גבורה פאַרמעסט זיך מיט כח, און פאַר דער זכיה וואָס „כל השומע״ איז ניט יצחק לנו, נאָר יבהל מאתנו — דאַנקען מיר דעם בורא עולם. ונראה את כל אשר עשינו והנה טוב. דער פחד איז ניט קיין רעזולטאַט פון וואַרפן שטיינער ביים מאַנדעלבוים־טויער און אויך ניט קיין תוצאה פון דעמאָנסטראַציעס ביים קאָנסולאַט פון ישראל אין ניו־יאָרק, נאָר שטאַמט פון דעם פאַקט, אַז אַ באַשטימטע באַוועגונג איז ניט אַנטלאָפן פון דער היסטאָרישער רעאַליטעט, און האָט זיך ניט פאַרמאַכט אין אהל. די באַוועגונג איז געזעסן פתח האהל מיט׳ן פנים געווענדעט צום רשות הרבים; זי האָט זיך ניט דערשראָקן פאַר עוברים ושבים וועלכע זיינען געווען ווייט פון אברהם׳ס השקפת עולם און

לעבנס־וועג, און וועמענס פיס זיינען געווען פאַרשטויבט מיט וואַכעדיקייט און צוועקלאָזיקייט, און צוזאַמען מיט זיי געגומען אַן אינטענסיוון חלק אין בנין הארץ און תקומת המדינה. די באַוועגונג האָט מקבל־פּנים געווען פריינטלעך אפילו די „ערביים״, וועלכע האָבן זיך געבוקט צום אבק שברגליהם און זיי אַלעמען איינגעלאַדן אונטערן גרויסן בוים, וואָס האָט געוואָרפן אַ ברייטן און קילן שאָטן אין אַ הייסן, זאַמדיק, טרוקענעם טאָג. די באַוועגונג האָט געגעבן די עוברים ושבים אַ מעגלעכקייט צו זען ווי שיין דער אוהל אברהם און זיין אשל זיינען.

דער באַוועגונג דאַרפן מיר דאַנקען פאַר דעם פּחד פון אלופי אדום און אלי מואב, פאַר דער שרעק פון די ספּעקולאַריסטן. דער פּחד איז אַ תוצאה פון אונדזער דערגרייכונג. צוליב דעם פּחד זאָגן מיר, ווי משה בדורו, שירה.

## ה ר ה ו ר י ם

אָבער, ווי איך האָב פריער באַטאָנט, די ווירא־רעטראָספּעקציע ביי אַ בשר ודם מוז אויך געפינען איר אויסדרוק אין וידוי און תשובה. אַ מענטש קען ניט זאָגן „והנה טוב מאד״ אויב ער גיט אויך ניט צו והנה רע מאד; אין יעדער מענטשלעכער האַנדלונג איז דאָ אַ תערובות פון טוב און רע.

לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף אונדזערע טעות׳ן. גאַנץ מעגלעך, אַז דער אויסדרוק טעות איז צו שאַרף, אָבער איך וויל ניט פאַרדעקן קיין זאַך און איך וויל זיין אויפריכטיק מיט זיך און מיט אונדז אַלעמען. איך בין אַ חבר אין דער באַוועגונג, איך בין נושא בעול און אויך אַ משתתף בצער, און אויב איך וויל מיך באַנוצן מיט דברי תוכחה, זיינען זיי געווענדעט ניט קעגן אַנדערע, נאָר קעגן מיך אַליין.

ווען מיין גרויסער זיידע, ר׳ חיים, ז״ל, האָט געהאַלטן זיין ערשטע שבת־תשובה דרשה אין בריסק, האָט ער אָנגעהויבן מיט דער הקדמה: באמת האָב איך קיין רעכט ניט מוכיח צו זיין אידן. מי אני ומה אני? איך קען נאָר שטראָפן איין פּערזאָן — מיך אַליין. אָבער ווען חיים זאָל זיך דורכשמועסן מיט חיים׳ען אַליין, וועט מען אים דאָך האַלטן פאַר אַ משוגע׳נעם. דערפאַר מוז איך זאָגן אַ דרשה שבת־תשובה און כלומרשט זיך ווענדן צו אַנדערע, אָבער מיינען מיין איך זיך אַליין.

איך נעם אויף די פראַגע עפנטלעך, אפילו אויב עס זיינען דאָ פּראָבלעמען וואָס וואָלטן אין ימים כתיקונם געדאַרפט באַהאַנדלט ווערן געהיים, פריוואַט, ווייל אָרטאָדאָקסיע אין אַמעריקע איז אין אַ שטימונג פון בונט,

רעבעליאָן. איך ווייס ניט צי איר הערט דעם געמורמל, ווי משה און יהושע האָבן דערהערט דעם „קול העם ברעה" — עפּעס קומט פאָר; עפּעס ווערט געבוירן. שווער צו זאָגן וואָס עס איז. מען קען עס ניט דעפינירן, צי עס איז „קול ענות גבורה", אָדער „קול ענות חלושה". אָבער די וועלכע שטייען נאָענט ווייסן, אַז קול ענות אנו שומעים. ווען איך זאָג אָרטאָדאָקסיע, מיין איך ניט די נטורי קרתא און ניט די טויזנט אידן וועלכע האָבן דעמאָנסטרירט לעבן קאָנסולאַט פאַריקע וואָך. איך מיין די אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסיע, די הונדערטער און אפשר טויזנטער יונגעלייט, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען ישיבות און אַרבעטן איצט אַלס פיזיקער, כעמיקער, מאַטעמאַטיקער, א.אַ.וו. איך מיין די טויזנטער תלמידים פון מיין אייגענער ישיבה, ישיבת ר' יצחק אלחנן; איך מיין מיינע תלמידים, וועלכע לערנען ביי מיר נדה און גיטין. דער יונגער דור, וואָס דאַרף זיין דער אַוואַנגאַרד פון ארץ־ישראל, רעוואָלטירט. דערווייל בונטעוועט ער זיך שטילערהייט, אָבער עס קען אויסברעכן אַן עפנטלעכער בונט. דער פּרייז פאַר דעם רעוואָלט וועט צאָלן מדינת־ישראל בכלל און מיר בפרט. סוף־כל־סוף שטעלן זיי מיט זיך פאָר די קאַדרען פון וועלכע אונדזער באַוועגונג דאַרף רעקרוטירן חברים. די אונרואיקע שטימונג ביי דער תורה־יוגנט דאָ האָט געקענט פילן גאָלדע מאיר, ווען זי האָט אַדרעסירט די ישיבה־תלמידים פאַריקן דינסטאָג אָוונט. פאַרוואָס איז דער לאַמפּאָרט־אוידיטאָריום געווען געפּאַקט? איר מיינט, אַז די ישיבה־תלמידים האָבן ניט קיין אַנדער אַרבעט ווי צו זיין אינטערעסירט צו וויסן וועגן דער ישראל'דיקער אויסערלעכער פּאָליטיק און דער הילף וואָס ישראל גיט די אַפריקאַנער לענדער? אונדזערע תלמידים זיינען זייער גוט אָריענטירט אין די אַלע זאַכן. געקומען זיינען זיי אין די הונדערטער, ווייל זיי האָבן געוואָלט דעם גאַסט פרעגן עטלעכע פראַגן. די פראַגן האָבן זיי געוואָלט שטעלן ניט ווייל זיי האָבן דערוואַרט תשובות מאירות, וואָס וואָלטן פאַרטריבן אַלע ספקות, נאָר כדי צו דעמאָנסטרירן זייער צעטומלטקייט און אויך אויפרעגונג בנוגע באַשטימטע האַנדלונגען פון דער רעגירונג. איך קען אייך פאַרזיכערן, אַז די פראַגן וואָלטן געשטעלט געוואָרן מיט דער גרעסטער העפלעכקייט און רעספּעקט, וואָס עס קומט אַזאַ חשוב'ן גאַסט, ווי גאָלדע מאיר. אָבער אַחוץ דער פאָרמעלער צירליך־מאַנירליכקייט, זיינען די פראַגן געווען אָנגעלאָדן מיט אַ סך פאַרדרוס און צאָרן, און די אויסערן־מיניסטאָרשע פון ישראל, וועלכע האָט היינט אַ געוואַלדיקע השפעה אין דער רעגירונג, וואָלט געקענט זען, אַז ניט נאָר נטורי־קרתא זיינען ניט צופרידן מיט באַשטימטע האַנדלונגען פון דער רעגירונג, נאָר אויך די שענסטע אינטעליגענץ אין דער אידישער אַמעריקע. לײדער, צו מיין באַדויערן, האָט דער פאָרזיצער פון דעם אָוונט ניט דערלויבט צו שטעלן פראַגן.

וואָס וויל די יוגנט? וואָס איז די הויפּט־שאלה וואָס שטערט איר? וואָס איז די קושיא חמורה, די תיובתא, אויף וועלכער זי פאָדערט אַ תירוץ, ספּעציעל פון אונדז, פון דער באַוועגונג, וואָס איז פאַרטראָטן אין דער קאָאַליציע?

## ד.

## אברהם העברי

לאָמיר עס ווידער מסביר זיין מיט אַ דרוש־משל. „ויבוא הפליט ויגד לאברהם העברי כי נשבה אחיו". רש״י איז מסביר: „העברי — שבא מעבר הנהר". אברהם איז געקומען פון יענער זייט טייך. אברהם האָט געשטאַמט פון אור־כשדים. דער הסבר פּאַסט זיך גוט אַריין אין פּרשת לך־לך, וואו די תורה דערציילט אברהמ׳ס לעבנס־געשיכטע. זי רופט אים אַן „העברי", ווייל ער האָט געשטאַמט מעבר הנהר, ער איז געווען אַן אימיגראַנט, וועלכער האָט איינגעוואַנדערט אינעם לאַנד כנען. אָבער, פרעגט זיך, פאַרוואָס איז די אומה אַלס אַזעלכע באַצייכנט געוואָרן אַלס עברים לעולם ועד; פאַרוואָס ווערט דער רבש״ע אָנגערופן א־לקי העברים? מיר לייענען אין פּרשת שמות, אַז ווען משה און אהרן זיינען דערשינען פאַר פּרעה׳ן, האָבן זיי אים געזאָגט: „א־לקי העברים נקרה עלינו". מיר לייענען ווידער אין דער הפטרה פון מנחה יו״כ, אַז ווען מען האָט יונה׳ן געפרעגט „מאיזה עם אתה מה מלאכתך ואנה תבוא?" האָט ער שטאָלץ געענטפערט: „עברי אנכי ואת ה׳ א־לקי השמים אני ירא אשר עשה את הים ואת היבשה". וואָס פאַר אַ חשיבות האָט געהאַט דער פאַקט, אַז אברהם איז געקומען מעבר הנהר, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער?

עס ווייזט אויס, אַז דער טערמין „העברי" אַנטהאַלט אין זיך אַ סך מער, ווי אַ געאָגראַפישע באַשרייבונג. „עברי" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סימבאָל פון יהדות, אין אַ השקפת עולם פון עם ישראל. אַ איד לעבט ניט בלויז אויף איין זייט, נאָר אויףביידע זייטן פון טייך גלייכצייטיק. אברהם האָט קיינמאָל זיך ניט אויסגעוואָרצלט פון דעם אָרט, וואו ער האָט אַ ברית מיטן בורא עולם געשלאָסן און זיין שליחות צו דער מענטשהייט אָנגענומען. ווען ער איז אַריבער דעם טייך אין אַ נייער לאַנד, איז ער אַ טרייער בירגער פון דער לאַנד געוואָרן. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע פאַזן פון אַ קאָנסטרוקטיוון, שעפערישן לעבן. ער האָט אהלים געבויט, ביימער געפלאַנצט, פּי געהאָדעוועט, פאַרהאַנדלט מיט מלכים און פירסטן און אָפּמאַכן געשלאָסן; ער האָט זייער שפּראַך גערעדט, שטייערן געצאָלט, און ווען מען האָט געדאַרפט

— דאָס לאַנד פאַרטיידיקט. אָבער גלייכצייטיק האָט ער אויך געוואוינט מעבר הנהר, אין יענע סטעפּעס וואו ג־ט און ער האָבן זיך באַגעגענט. פון יענע מרחקים האָט אברהם עפּעס מיט זיך מיטגענומען, געמלעך: די וויזיע פון בורא עולם, פון אַ נייער וועלט־אָרדענונג און אַ נייער מאָראַליטעט. די וויזיע פון עבר הנהר איז קיינמאָל ניט פאַרשוואונדן פון אברהמ׳ס אויגן.

מיר אידן זיינען אַ סך טייכן דורכגעגאַנגען, אין אַ סך לענדער געוואוינט, אָבער גייסטיק, אידעאָלאָגיש, רעליגיעז, זיינען מיר פאַרבליבן פאַרוואָרצלט בעבר הנהר. די ירושה פון עבר הנהר, אַ ירושה פון קדושה, פון טהרה און הויפּטזעכלעך פון אַ הערָאישן לעבן, פון „אוזר ישראל בגבורה" האָבן מיר געהיט כבבת עינינו.

איר וועט מיך פרעגן: וואָס איז דער צוגאַנג פון דער אָרטאָדאָקסיע צו מדינת־ישראל? איך קען ניט ריידן פאַר אַלעמען; איך רייד איצט פאַר זיך אַליין. אָבער מיר דוכט זיך, אַז אַ סך וועלן מסכים זיין מיט מיר. אוודאי איז אונדזער באַציאונג אַ פּאָזיטיווע; ווי קען דען זיין אַנדערש? וועלכער איד, אַ מאמין, קען זיין קעגן מדינת־ישראל? לאָמיר פעסטשטעלן מיט פשטות: דער רבש״ע האָט געשאַפן מדינת־ישראל. קען דען אַ בשר ודם האָבן די חוצפה צו זיין אַ מתנגד פון דער מדינה?

מיינע באַקאַנטע, מיינע תלמידים, ווייסן גאַנץ גוט מיין השקפה וועגן דעם. אָבער די מדינה איז נאָר איין זייט פון טייך; דער נהר פון אידישער עקזיסטענץ האָט אויך אַ צווייטע זייט; אויף יענער זייט פון טייך שטייען דורות פון חכמי המסורה, דורות וועלכע האָבן געשמידט אונדזער הערָאישע עקזיסטענץ, די מדת הגבורה; דורות וועלכע האָבן געהייליקט אונדזער עקזיס־טענץ מיט זייער בלוט. מיט די דורות פון יענער זייט טייך זיינען מיר פאַראייניקט. פון יענע דורות זויגן אונדזערע וואָרצלען חיות. יענע דורות וואָס שטייען בעבר הנהר געהערט אונדזער נשמה, אונדזער האַרץ.

מיר שעצן די מדינה בכל לבנו, מיר זיינען מתפלל בעד שלומה, מיר שיקן דאָרטן אונדזערע קינדער און מיר שטייען פאַראייניקט איר צו פאַר־טיידיקן. אָבער זי איז ניט דאָס העכסטע גוט. דער העכסטער אידעאַל אין אונדזער השקפת־עולם, דער יסוד־היסודות פון אונדזער עקזיסטענץ איז יענער עבר הנהר, וואָס סימבאָליזירט די אומה אין איר קאָנפראָנטאַציע מיטן בורא עולם און מיט איר אייגנאַרטיקן לעבנס־וועג. איך בין זייער אָפט מתפלל, אַז עס זאָל אונדז געלינגען צו בויען די וואונדערפולע בריק צווישן דעם שטאַטליך־פּאָליטישן עבר הנהר, אויף וועלכן די מדינה געפינט זיך, און יענעם גייסטיק־מעטאַפיזישן עבר הנהר, וואו די אומה איז זיך מתיחד מיט איר באַשעפער. ווען די תפילה זאָל מקויים ווערן, וואָלט די קדושה פון יענעם מיסטעריעזן עבר

הנהר איינגעהילט די מדינה, און דיביידע עברי הנהר וואָלטן זיך צונויפ־געגאָסן אין איין פּראָכטפולער היסטאָריש־רעליגיעזער עקזיסטענץ.

לײדער, אָבער, זיינען דאָ באַשטימטע כחות אין ישראל, וואָס ווילן ניט דערלאָזן צו דער פאַרווירקלעכונג פון די תפילות און ווילן, להכעיס, צעשטערן אַלע בריקן צווישן די צוויי עברי הנהר. די כחות ווילן דוקא, אַז די אומה הישראלית זאָל אויסקלייבן איינעם פון די עברי הנהר — דעם סעקולער־פּאָליטישן. איך האָף, אַז די שעה וועט קיינמאָל ניט קומען און אַז אַלע זייערע מחשבות וועלן צעשטערט ווערן. אָבער אויב אונז זאָל געשטעלט ווערן די פראַגע, וואָס קלייבן מיר אויס — אַ חולינ׳דיקע מדינת ישראל וואָס האָט, ר״ל, איבערגעריסן אירע אַלע קאָנטאַקטן מיט דער אידישער מסורה פון דעם עבר הנהר, אָדער דעם א־לקי ישראל, פאַרשטייט איר דאָך, אַז מיר וועלן אַלע קול אחד אויסוויילן דעם א־לקי ישראל.

לאָמיר ריידן קלאָרע דיבורים. אַנדערע זאָגן: עס זיינען דאָ אין א״י רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען. ניין, דאָס איז פאַלש. מען קען וועגן אַ רעגירונג, וואָס האַלט אויס רעליגיעזע בתי־ספר, וואָס האָט איינגעפירט כשרות אין דער אַרמיי, וואָס האָט איבערגעגעבן הלכות אישות צו רב׳נישע בתי דינים און אַזוי ווייטער, ניט זאָגן, אַז זי פאַרנעמט זיך מיט רדיפות הדת. די באַשולדיקונג דאַרף אָפּגעוואָרפן ווערן פון יעדן רעכט־דענקענדיקן מענטשן. אָבער עפּעס איז ניט אין אָרדנונג מיט דער רעגירונג און מיט די סעקולערע פאַרטייען אין א״י. וואָס שטערט אונז? וואָס איז ניט אין אָרדנונג? די תשובה דערויף איז אַ פשוט׳ע: די אָפיציעלע אידעאָלאָגיע פון די סעקולערע פאַרטייען וויל ניט אָנערקענען דעם צווייטן עבר הנהר און וויל אויפשטעלן אַ מדינה־אידעאַל אַלס דאָס העכסטע גוט, צו וועלכן אַלע דאַרפן זיך בוקן, אַפילו כביכול, דער א־לקי ישראל. דער עקספּערימענט האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצווייזן שוין בשעת מען האָט אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט דייטשלאַנד וועגן שילומים, אָדער ווען בן־גוריון איז געלאָפן זיך טרעפן מיט אַדענאַוער אין ניו־יאָרק. די פראַגע האָט זיך געשטעלט: אַן אומה וואָס האָט פאַרטיליקט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק — ווער האָט דאָס רעכט צו נעמען כופר פון איר? האָט בן־גוריון דערויף גע־ענטפערט, אַז ער קען, ווייל ער איז דער ראש־הממשלה, און ווייל די אינטערעסן פון דער מדינה פאַרלאַנגען, אַז מיר זאָלן זיך חבר׳ן מיט די, וועלכע האָבן אונדזערע קינדער געשליידערט אין די קרעמאַטאָריעס. אָרטאָדאָקסיע און מיר בתוכם האָבן געשוויגן. דער קאָאַליציע־אָפּמאַך האָט אַזוי פאַרלאַנגט! אַי, ווי קענען מיר בכלל פסק׳ענען שאלות, וועגן וועלכע מען האָט געדאַרפט זיך מיישב זיין מיט די זעקס מיליאָן מאַרטירערס? די תשובה איז: מדינה מעג און קען און דאַרף. מילא בנוגע געלט איז געווען אַ תירוץ; מען וועט ניט

קענען אַנטוויקלען די ווירטשאַפט אָן די דייטשע געלטער. פיין! אָבער מען האָט זיך ביי געלט ניט אָפּגעשטעלט. נאָכדעם ווי מען האָט פאַרזיכערט דעם ישוב, אַז מען וועט קיינמאָל ניט איינשטעלן קיין דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיט דייטשלאַנד, האָט די ישראל־רעגירונג אָנגעהויבן בעטן זיך ביי די דייטשן, אַז מען זאָל זיך טוישן מיט אַמבאַסאַדאָרן און איינשטעלן דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען. בן־גוריון איז דאָך געלאָפן צו אַדענאַוער׳ן אין ניו־יאָרק און זיך מיט אים פאָטאָגראַפירט. דעם פאָלגענדן זונטיק האָט אַדענאַוער אויף אַ "Meet the Press" געענטפערט אויף דער פראַגע, צי די אידן האָבן שוין מוחל געווען די דייטשן: זיכער, והראיה ער האָט מיט אַ פּאָר טעג פריער זיך געטראָפן מיט בן־גוריון׳ען! דער תירוץ איז, ווידער: מדינה איז דוחה אַלץ. עס איז נאָר דאָ איין עבר הנהר.

אַ דעלעגאַציע פון חשוב׳ע רבנים און ראשי־ישיבות פון ארץ־ישראל איז אויפגענומען געוואָרן פון ראש־הממשלה, כדי אים צו בעטן אָפּצושטעלן דעם חילול שבת אין אשדוד־האַפן. די תשובה וואָס זיי האָבן געקראָגן אויף זייער ביטע, איז געווען אַ קורצע: „זה צורך חיוני״. וואָס פאַרשטייט מען אונטער „צורך חיוני״ ? געלט. אין אַנדערע ווערטער: די רעגירונג קען זיך ניט נאַריש מאַכן און לייגן אַכט אויף דעם פּסוק: „ויברך א־לקים את יום השביעי ויקדש אותו״, וואָס איז געשריבן געוואָרן ניט אויפן פּאָליטיש־שטאַטליכן עבר הנהר, נאָר אויף דעם נביאיש־מעטאַפיזישן עבר הנהר, ווייל יענער עבר הנהר האָט ניט פאַרשטאַנען די חשיבות פון ווירטשאַפטליכע אינטערעסן און פון מטבע זר. ווען די זעלבע רבנים האָבן אויפמערקזאַם געמאַכט דעם ראש הממשלה וועגן דער שיף „שלום״ און וועגן די צוויי קיכן, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט: „זה לא ילך״! אין אַנדערע ווערטער: מען מוז סערווירן טריפות אויפן שיף, כדי צו באַפרידיקן אַלעמען — גויים און אידן. דער יסוד פון כשרות מוז צעבראָכן ווערן, ווייל די הכנסה פון מדינה־אוצר פאָדערט מקריב צו זיין יענעם אַלטן עבר הנהר פאַר דעם נייעם עבר הנהר פון אַ סעקולערן שטאַט.

## ה.
## די שטעלונג צו די מיסיאָנערן

און אחרון, אחרון „חביב״, און דערביי וויל איך מיך אָפּשטעלן אביסל מער באריכות. די פראַגע איז אפשר די ברענענדיקסטע היינט־צוטאָג. אין ישראל לערנען — לויט די אָפיציעלע ציפערן (ביודעים) — 14 הונדערט קינדער

אין מיסיאָנערישע שולן. אַנדערע גיבן אָן די צאָל פון עטלעכע טויזנט. וויסן זאָלט איר, אַז מיסיאָנערן טוען זייער אַרבעט באמונה. זיי דערציען קריסטן, ניט קיין מזרחים, און אפילו ניט קיין מפא״י־ניקעס. אַ קריסט איז דער, וועלכער גלויבט אין „אותו האיש״. זיי גיבן אויס אַ שלל מיט געלט אויף מיסיאָנערישער אַרבעט, אויף אָפּ׳שמד׳ן אידישע קינדער.

מיין זיידע האָט געפּסק׳נט, — און אַזוי פּסק׳ענען אסך פּוסקים, — אַז כדי צו ראַטעווען אַ אידן פון שמד מעג מען מחלל שבת זיין. אויב מען מעג מחלל שבת זיין פאַר דער הצלה פון איין אידן פון שמד, מעג מען דאָך אוודאי מחלל שבת זיין, כדי מציל צו זיין פערצן הונדערט קינדער פון שמד. לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז ווען 1,400 קינדער באַזוכן מיסיאָנערישע שולעס, ווערן 1400 אידישע פאַמיליעס באַאיינפלוסט אין גייסט פון קריסטנטום. דאָס קינד איז דערווירקזאַמסטער מיסיאָנער. די מיסיאָנערן האָבן אַ לייכטע אַרבעט אין א״י. די ניט־רעליגיעזע הויז איז פּוסט און וויסט, אָן וואָרצלען, אָן אינהאַלט אין לעבן, אָן אמונה אין ג־ט און אין אַ גייסטיק־מעטאַפיזישער וועלט. איר ווייסט אַלע די שיטה פון חכמי־ישראל וואָס ווערט געטיילט אויך פון חכמי אומות העולם, אַז אַ מענטש מוז גלויבן; אָן גלויבן איז אַ מענטש ווי אַ הינדין אָן וואַסער: „כאיל תערוג על אפיקי מים, כן נפשי תערוג אליך, א־לקים״! אויב קיין אמונה אין א־לקי ישראל איז ניטאָ, קען מען זייער לייכט דעם אידן, וועלכע אין די טיפענישן פון זיין באַוואוסטזיין ביינקט נאָך אמונה און פילט אַ גייסטיקע פּוסטקייט, פאַרשלעפּן אין קלויסטער אַריין.

דעם מיסיאָנער׳ס אויפגאַבע אין ארץ־ישראל איז ניט אָפּצו׳שמד׳ן אַ אידן, וועלכער איז פול מיט אמונה, נאָר אַ אידן וועלכער זוכט אמונה און קען איר ניט געפינען, אַ אידן וועלכער וויל זיך אָנשפּאַרן, אין אַ צייט פון קריזיס, אויפן רבש״ע און קען ניט דערגיין צו אים; אַ אידן, וועלכער זוכט שוץ און מוט און האָפענונג אין אַן עת־צרה און שטויסט זיך אָן אויף אייזערנע נאַטור־געזעצן; אַ אידן, וועלכער לעכצט נאָך ג־ט און קען ניט פאַרווירקלעכן זיינע געגועים.

פאַרגעסט ניט נאָך עפּעס: אַמאָל, אַז מען פלעגט אָפּ׳שמד׳ן אַ אידן, פלעגט ער פאַרלאָזן די אידישע געזעלשאַפט און זיך באַהעפטן מיט גוים. אין ארץ ישראל ווערט פּראַקטיצירט אַן אַנדער שיטה פון שמד. איינפלאַנצן אין אַ קינד אמונה אין קריסטנטום, דערביי אים אויך לערנען אידישע מנהגים און תפילות, און שיקן אים צוריק אין דער אידישער געזעלשאַפט. די קאַטוילישע און אויך באַשטימטע סעקציעס פון דער פּראָטעסטאַנישער קירך ווילן היינט ניט מאַכן גוים פון אידן, נאָר

אויפלעבן דעם אַלטן טיפּ פון ערשטן יאָרהונדערט, „דזשודעאָ־קריסטשען", קעגן וועמען חז״ל האָבן מתקן געווען די ברכת המינים. דער פּאַל מיטן מאנאך דניאל איז כאַראַקטעריסטיש. די שיטה מאַכט אויך לייכטער די אַרבעט פון די מיסיאָנערן, ווייל זיי זאָגן דעם אידן, וועלכער פאַלט אַריין אין זייערע הענט, אַז זיי מיינען אים ניט אָוועקצונעמען פון כלל־ישראל. אדרבא, טענה׳ן זיי, זיי ווילן דערציען אַ אידן וועלכער זאָל זיין טריי צו זיין מדינה און צו זיין פאָלק, און דערביי אויך זיין אַ גוטער קריסט... די חוצפה איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַ באַשטימטער אַרצבישאָף איז געקומען אין אויסערן־מיניסטעריום מיט אַ טענה, פאַרוואָס דער משרד הדתות העלפט פינאַנציעל דעם „קרן ילדינו", וואָס גיט זיך אָפּ מיט ארויסנעמען קינדער פון די מיסיאָנעריש שולעס. בשעת דער משרד הדתות האָט גענומען אַ פעסטע שטעלונג און האָט מיט שטאָלץ געענטפערט דעם ארצבישאָף, אַז דאָס איז אונזער פליכט און אַז מיר וועלן פאָרזעצן אונזער אַרבעט פון הצלה, האָבן די באַאַמטע פון אויסערן־מיניסטעריום זיך דערשראָקן און מען האָט אָנגעזאָגט דעם שר־הדתות: הזהר והשמר לך. אָפיציעל טאָרן מיר אפילו ניט אונטערשטיצן קיין מוסד, וואָס וויל אָפּראַטעווען קינדער פון שמד.

עס הערשט אַ שרעקלעכע קאָנספּיראַציע פון שווייגן. די רעגירונג שווייגט, די רעליגיעזע פּאַרטייען דערמאָנען פון יוצא־וועגן די מיסיאָן־סקולס, אָבער קיין סך פּאָזיטיווע אַרבעט ווערט ניט געטאָן.

וואָס רעכענען די מיניסטאָרן, וועלכע פאַרטרעטן די רעליגיעזע פּאַרטייען, צו טאָן וועגן דעם? וועלן זיי זיצן און שווייגן און לאָזן די מיסיאָנערן אָנגיין מיט זייער אַרבעט, אָדער וועלן זיי סוף־כל־סוף עפּעס טאָן, כדי צו פאַרמיידן די געפאַר וואָס דראָט דעם ישוב?

עס זיינען דאָ אַסך וועגן, אויף וועלכע מען וואָלט געקענט באַשיצן די אידישע יוגנט קעגן דער מיסיאָנערישער געפאַר. איך קען דאָ אין פּרטים ניט אַריינגיין, אָבער וואו עס איז דאָ רצון, איז אויך דאָ יכולת, און אַ רעגירונג וואָלט געקענט געפינען אַ וועג ווי צו לייזן דאָס פּראָבלעם. אָבער, ווי געזאָגט, דערווייל זיינען אַלע גלייכגילטיק בנוגע דער זאַך. דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלן, און ניט נאָר רעליגיעזן, שטאָלץ דאַרף אונדז צווינגען איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו דערקלערן פאַר דער וועלט, אַז מיר זיינען ניט ווילדע מענטשן פון בוש אין אויסטראַליע אָדער קאַניבאַלן ערגעץ־וואו אין סאוט־פּאַסיפיק, אָדער אַפריקע, וועמען מיסיאָנערן ווילן ציוויליזירן. לאָמיר אַלעמען זאָגן אָפן, אַז מיר זיינען גליקלעך צו לעבן אַלס אידן און מיר זיינען מוחל די אַלע בעלי־טובה, וועלכע ווילן אונדז אַריינגעמען תחת כנפי הנצרות. אַזאַ

דערקלערונג וואָלט דערהויבן דעם פרעסטיזש פון דער מדינה און פון כלל־ישראל אין די אויגן פון די אומות העולם. אַ שטאָלצע שטעלונג בנוגע דער שאלה וואָלט אַרויסגערופן געפילן פון פאַרערונג ביי אונזערע ניט־אידישע שכנים. פאַרקערט, אַ פשרה׳דיקע און פחדנות׳דיקע פאָליטיק אין באַצוג צו מיסיאָנערישער פראָפּאַגאַנדע וועט אונז פאַרשאַפן אסך פאָליטישן עגמת־נפש.

באמת איז די סיבה פון דער פיבערישער מיסיאָנערישער אַרבעט, וואָס מען האָט אנטוויקלט אין ארץ־ישראל, אַ פיל טיפערע ווי מען שטעלט זיך פאָר. ניט דער וואַטיקאַן און ניט די פרומע פּראָטעסטאַנטישע קירכע קענען שלום מאַכן מיטן געדאַנק פון דער עקזיסטענץ פון מדינת־ישראל. די עצם־עקזיסטענץ פון דער מדינה לייקנט אָפּ דאָגמאַטישע יסודות פון קריסטנטום, לויט וועלכע אידן האָבן פאַרלוירן זייער זכות אויף ארץ־ישראל און זייער ראָלע אַלס עם הנבחר. די סתירה צווישן מדינת־ישראל אַלס אַ היסטאָרישע רעאַליטעט און דעם עוואַנגעליום וויל די קריסטלעכע קירכע פאַרענטפערן דורך אָפּ׳שמד׳ן דעם ישוב.

און זאָל די רעגירונג ניט פאַרגעסן, אַז די מיסיאָנערן פרידיקן ניט קיין אהבה צו מדינת ישראל, און אַז פון די קינדער וועלכע ווערן דערצויגן אונטער זייער השפּעה וועלן ניט אַרויסוואַקסן קיין ידידים פון מלכות ישראל.

געוויינלעך, גלויבן מיר און זיינען איבערצייגט, אַז זיי וועלן דורכפאַלן מיט די אַלע עקספּערימענטן אונטערצוגראָבן די עקזיסטענץ פון דער אמונה הישראלית און פון דער מדינה אַלס מדינת־ישראל און ניט קיין מדינת־הנצרות. אָבער עס איז אונדזער הייליקע פליכט צו דעמאָנסטרירן עפנטלעך דורך מעשים אונדזער אַבסאָלוטע לאָיאַליטעט צום א־לקי ישראל. אַ רעגירונג וואָס שרעקט זיך פאַר אַ קרומער מינע פון אַ באַאַמטן אין סטעיט־דעפּאַרטמענט אָדער אין יו־ען און פאַרשווייגט די באַליידיקנדיקע מעטאָדן פון די מיסיעס אין ישראל, באַגייט אַ היסטאָרישן חטא.

## ז.

## קטנתי מכל החסדים ומכל האמת

בשעת דער „וירא״, דער רעטראספּעקטיווער בליק, איז מחייב צו צוויי אנטקעגנגעזעצטע פּעולות, — הודאה און ודוי־תשובה, — איז דער „ויאמר״, דער פאָרווערטס־בליק, מחייב דעם מענטשן צו תפילה. באמת איז תפילה אַ טייל פון הודאה; מ׳קוקט אויף צוריק און מען דאַנקט דעם בורא־עולם פאַר אונזער דערפאָלג, מ׳וואַרפט אַ בליק פאָראויס און מען בעט דעם

בורא־עולם פאַר'ן עתיד. די משנה אין ברכות זאָגט: „נותן הודאה על שעבר וצועק על העתיד". אפילו אין הלל המצרי, וואָס ווערט געזאָגט יום־טוב, איז הודאה פאַרבונדן מיט צעקה, תפלה. „מה אשיב לה', הודו לה' כי טוב כי לעולם חסדו" שליסט זיך מיט „אנא ה' הושיעה נא". ממילא, האָבן מיר אָנגעהויבן מיט הודאה און וידוי על העבר, און מיר וועלן שליסן מיט תפילה און צעקה על העתיד.

ווי האָט יעקב מתפלל געווען, ווען ער איז צוריקגעגאַנגען פון לבנ'ס הויז, פון ארם נהרים קיין ארץ־ישראל? „א־לקי אבי אברהם וא־לקי אבי יצחק ה' האומר אלי שוב לארצך ולמולדתך".

אין משך פון צוויי טויזנט יאָר פון גלות, פון אויסמישן זיך מיט פאַרשיידענע קולטורן, פון דורכגיין אַזוי פיל נהרות, האָסטו שטענדיק מיך דערמאָנט, אַז איך טאָר ניט פאַרגעסן דעם עבר הנהר, די אמת'ע מולדת, די אמת'ע ארץ אבות. אין מיטלאַלטער אין די פינסטערע געטאָס, ווען אַלע האָבן מיך געיאָגט און פון מיר אָפּגעשפּאָט, האָסטו געהאַלטן אין איין דערמאָנען מיך, אַז איך זאָל ניט פאַרגעסן דעם עבר הנהר. „שוב לארצך", פאַרגעס ניט ארץ־ישראל, פאַרגעס ניט די אמונה אין גאולה. דיינע רייד האָבן מיך געשטאַרקט. איך האָב אַלע פרימאָרגן געזאָגט „אני מאמין — ואעפ"י שיתמהמה בכ"ז אחכה לו בכל יום שיבוא". ווען ניט דו, וואָלט איך שוין לאַנג פאַרגעסן וועגן מולדת און ארץ־אבות. איצט גיי איך צוריק פון חרן קיין ארץ־ישראל. .איך ווייס וואָס פאַר אַ ריזיקע אויפגאַבע עס דערוואַרט מיך. מיינע כחות סטאַיען ניט צו רעאַליזירן די אויפגאַבע, וואָס דו האָסט אויף מיינע פלייצעס ארויפגעוואָרפן. קטנתי מכל החסדים. פון איין זייט דאַרף ארץישראל זיין אַ לאַנד פון חסד, פון יצירה, ווייל אויב מיר וועלן זיין הינטערשטעליק אויפן געביט פון חסד, פון פראָגרעס־סיווער, שעפערישער אַרבעט, ווען מיר ניט זיין בכח צו לייסטן אַ ווידער־שטאַנד דעם דרוק פון דער שנאה און אַגרעסיע. אונזער באַטייליקונג אין חסד, אין יצירה, איז דאָך באַוויליקט געוואָרן פון דיר, רבש"ע, יענעם מיסטעריעזן פרייטיק ווען דו האָסט אדם און חוה'ן געבענטשט און צו זיי געזאָגט: „ומלאו את הארץ וכבשוה". די מדינה איז דער אינסטרומענט, מיט וועלכן דו האָסט מיך מזכה געווען כדי פאַרצוזעצן דעם בנין עולם, וואָס איז אַ בנין פון חסד.

די מדינה דאַרף אַנטוויקלען די מאָדערנסטע טעכנאָלאָגיע, די בעסטע דערציאונגס־אינסטיטוציעס; זי דאַרף זיין ווירטשאַפטליך פאָרגעשריטן, מיט אַ הויכן לעבנס־סטאַנדאַרד און אַ בליענדיקער ווירטשאַפט. די אַלע זאַכן זיינען אַ טייל פון „עולם חסד יבנה".

אָבער דער חסד איז נאָר איין „עבר הנהר". עס איז דאָ אַ צווייטער „עבר הנהר" — ומכל האמת", דער אוראַלטער ג־טליכער אמת, וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרן צו אברהמ׳ען בברית בין הבתרים; דער אמת וואָס וויל דעם מענטשן אויסלייזן פון וואולגאַריטעט און טומאה און שיינקן זיין לעבן טעם, ומראה וריח; דער אמת וואָס איז אייביק און אַבסאָלוט מוז פאַרוויקליכט ווערן אין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט דעם חסד. איך טאָר ניט טאָלערירן, האָט יעקב געזאָגט, אַז דער חסד זאָל דוחק זיין די רגלי השכינה, אַז די פאַבריקן זאָלן מיט זייער רויך פאַרשוואַרצן די ווערטער פון „ויברך א־לקים את יום השביעי ויקדש אותו", אַז אין בתי־ספר זאָל מען ניט לערנען וועגן א־לקי אברהם, אַז אין פאָרשונגס־לאַבאָראַטאָריום זאָל מען אין די טעסט־טיובס דערשטיקן דעם „רוח ממללא" פון מענטשן, אַז פון די קאַטעדרעס זאָל מען דערקלערן דעם מענטשן פאַר אַ „נפש חיה".

מיין הייליקע פליכט, האָט יעקב געטראַכט, איז צו בויען אַ בריק צווישן די צוויי עברי הנהר, צווישן פאַבריק און פרשת שמע, צווישן אַרמיי און שולחן ערוך, צווישן חסד און אמת. מיינע כחות זיינען קליין. קטנתי מכל החסדים ומכל האמת. אַמאָל, ווען איך בין געווען אין מדרשו של שם ועבר, איז מיין אויפגאַבע געווען אַ פּיל־פּשוט׳ערע. איך האָב געלעבט נאָר אין איין מחנה, אין דער מחנה פון אמת, און האָב ניט גערעדט פאַראייניקן „שני כתובים" וועלכע זיינען זיך אויפ׳ן משקל ראשון סותר. „כי במקלי עברתי את הירדן". „ועתה" — איצט, אָבער, — „הייתי לשני מחנות". מיין לעבן איז פאַרוויקלט אין סתירות און כמעט־אונלייזבאַרע פּראָבלעמען. אָבער ישראל סבא דערשרעקט זיך ניט פאַר דער ריזיקער אויפגאַבע. זיין לעבן איז אַלעמאָל געווען אויסגעפילט מיט העראָאיזם, און ער האָט אַלע אינדערפרי געמאַכט די ברכה „אוזר ישראל בגבורה".

די זעלבע תפילה זאָגן מיר היינט באַנאַכט. „קטנתי מכל החסדים ומכל האמת" — מיר זיינען צו קליין און צו שוואַך צו פאַרווירקליכן די גרויסע אויפגאַבע פון יהדות: דעם חיבור פון חסד און אמת. דער אַמאָליקער איד האָט אויך געדאַרפט פירן אַ העראָאישן קאַמף פאַר דער אויפהאַלטונג פון זיין גייסטיקער אייגנאַרט, וואוביידע מידות פון חסד ואמת זיינען פאַראייניקט. זיין אויפגאַבע, אָבער, איז געווען אַ פּיל־איינפאַכערע ווי אונזערע. דער חסד האָט פון אים ניט פאַרלאַנגט אַזויפיל כחות און ענערגיע, ווי ער פאָדערט פון אונז היינט — „כי במקלי עברתי את הירדן". איצט דאַרפן מיר אָבער פאַראייניקן אַ ריזיקן אַפּאַראַט פון חסד מיט אַן אוראַלטן אַבסאָלוטן אמת. אונזער אויפגאַבע איז שלום צו מאַכן צווישן צוויי „פיינטליכע" לאַגערן. „ועתה הייתי לשני מחנות".

מיר האָבן היינט אינדערפרי געמאַכט די ברכה „אוזר ישראל בגבורה‟, און דאָס זעלבע וועלן מיר טאָן אויך מאָרגן און איבערמאָרגן, און מיר וועלן העראָאיש קעמפן פאַר דעם פאַרוויקליכונג פון אונזער גרויסן חלום, פון חסד ואמת נפגשו.

מיר זיינען גרייט מיטצואַרבעטן מיט׳ן גאַנצן ישוב בנוגע „עולם חסד יבנה‟, אָבער מיר וועלן קיינמאָל ניט מסכים זיין צו באַצאָלן פאַרן חסד מיט מקריב זיין דעם אמת.

# חרב המתהפכת און שני הכרובים

„וישכן מקדם לגן־עדן את הכרבים ואת להט החרב המתהפכת
לשמר את דרך עץ החיים". בראשית ג, כד

## א.

## ספר און סייף

בשעת אדם הראשון האָט רעוואָלטירט קעגן בורא־עולם, האָט געגעסן פון עץ־הדעת און האָט זיך געגרייט אויך צו געניסן פון עץ־החיים, האָט דער רבש"ע, כדי צונישט צו מאַכן אדמ'ס כוונות, אַוועקגעשטעלט אויפ'ן וועג צום גן־עדן די „כרובים" און דעם „חרב המתהפכת". וואָס „חרב המתהפכת" איז, דאַרף איך ניט דערקלערן. עס סימבאָליזירט פיזישע און פּאָליטישע מאַכט. וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די „כרובים"? מיר דוכט זיך, אַז דער ענטפער אויף דער פראַגע איז פשוט: די כרובים, וואָס האָבן אויך באַצירט און באַשיצט דעם ארון־הברית מיט די לוחות און דער ספר־תורה, סימבאָליזירן גייסטיקע גרויסקייט, דעם רוח האדם העולה למעלה. מיט איין וואָרט: די כרובים זיינען דאָס עמבלעם פון דעם ספר.

חז"ל האָבן שוין לאַנג געזאָגט: „הספר והסייף ירדו כרוכים מן השמים" (ספרי, עקב). אויסער דעם פשוט'ן אָפּטייטש פון דעם מאמר, קען מען אויך אַנט־וויקלען דעם פאָלגנדיקן געדאַנק: עס זיינען דאָ 2 וועגן אויף וועלכע אַ מענטש קען דערגיין צו זיין אַ מושל אָדער אַ מנהיג, און זיין בכח צו באַוועגן אַנדערע צו האַנדלען אין איינקלאַנג מיט זיין רצון: איינס — דער וועג פון „חרב המתהפכת"; צווייט — דער וועג פון די „כרובים" מיט'ן ספר. דער וועג פון „חרב המתהפכת", וואָס רעפּרעזענטירט מאַכט, אין אַלע אירע פילפאַכיקע מאַניפעסטאַציעס — מיליטעריש, פּאָליטיש־עקאָנאָמיש, דעת־הקהל, א.א.וו. — ווערט בעצם אויס־געאיבט ניט דורך אַ יחיד, נאָר דורך אַ רבים. בראש פון דעם קאָלעקטיוו, וואָס איבט אויס די מאַכט, מעג שטיין אַ יחיד, ווועמענס רצון די גרופּע פירט געהאָרכ־

זאָם אויס, אָבער די האַנדלונג, דורך וועלכער די מאַכט קומט צום אויסדרוק, איז אַלעמאָל פון אַ קאָלעקטיוון אָדער אָרגאַניזאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דער „חרב המתהפכת״ ליגט אין די הענט פון דער מאַסע, וואָס וואַרפט אַרויף איר ווילן אויף דעם יחיד. דער שטאַרקער רבים צווינגט דעם שוואַכן יחיד אונטערצוגעבן זיך און אָנעמען אויף זיך דעם עול פון אַ באַשטימטער דיסציפּלין. דער מנהיג וועלכער פּאַראַדירט מיט'ן „חרב המתהפכת״ איז אַ כובש, און די הנהגה איז באַזירט אויף כיבוש. אין דעם צוזאַמענהאַנג זיינען באַמערקנסווערט צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז אין העברעאיש געהערן דָּבָר, אַ פירער, און הַדְבֵּר, אונטערוואַרפן („ידבר עמים תחתנו ולאומים תחת רגלינו״) צו איין שורש. צווייטנס, אַז די הלכה האָט גע'פסק'נט, אַז כיבוש יחיד לאו שמיה כיבוש און מוז דוקא האָבן כיבוש רבים, ווייל דער נושא פון „חרב המתהפכת״ איז דער רבים.

דער חרב המתהפכת, ווי מיר האָבן אונטערגעשטראָכן פריער, איז געווען דער ענטפער וואָס דער בורא עולם האָט געגעבן אדם הראשון נאָכ'ן חטא. אדמ'ען האָט זיך געגלוסט מאַכט, פיזישע מאַכט. „כי יודע א' כי ביום אכלכם ממנו ונפקחו עיניכם והייתם כא' יודעי טוב ורע״. אונקלוס האָט אָפּגעטייטשט די צוויי ווערטער: „והייתם כא׳״ — „ותהון כרברבין״: איר וועט ווערן מעכטיקע מענטשן, מושלים, כובשי עולמות; דער סייף וועט זיין דער אינסטרומענט פון איער מאַכט. די באַציאונג צווישן מענטש און מענטש וועט באַרוען אויפ'ן סייף — ווער עס וועט זיין געשיקטער אין באַנוצן זיך מיט'ן סייף, וועט זיין דער „רברבין״ — קעניג, פּרעמיער, דיקטאַטאָר — און וועט באַשטימען דעם גורל פון אַנדערע. מיט איין וואָרט, לויט אונקלוס'ן האָט אדם הראשון גע'חלומ'ט פון מיליטעריש־פּאָליטישער מאַכט און האָט געוואָלט אויפהויבן דעם דגל פון סייף.

אַלס עונש, האָט דער רבש״ע אַוועקגעשטעלט אויפ'ן דרך עץ החיים, אויף וועלכן אדם הראשון האָט זיך אַוועקגעלאָזן כדי צו רעאַליזירן דעם חלום פון „רברבין״, דעם חרב המתהפכת, אַ מעכטיקן שווערד, וואָס זאָל אדמ'ען ניט צולאָזן צו דער פּאָזיציע פון „רברבין״. אדמ'ס סייף, האָט דער רבש״ע באַפוילן, זאָל אָפּגעשלאָגען ווערן פון אַ שטאַרקערן חרב. „כא־לקים״ איז אין דעם צוזאַמענהאַנג חול, און באַצייכנט מנהיגים אָדער מושלים.

דער עמאָציאָנעלער הינטערגרונט פון „רברבין״, פון כיבוש דורכ'ן סייף, איז פחד. „תפול עליהם אימתה ופחד בגדל זרעך ידמו כאבן״. דער שוואַכערער, וועמענס סייף איז ניט אַזוי מעכטיק ווי דער סייף פון זיין קעגנער, האָט פשוט מורא און גיט זיך אונטער. „כי נפלה אימתכם עלינו וכי נמוגו כל יושבי הארץ מפניכם״, האָט געזאָגט רחב צו די מרגלים.

דער צווייטער מקור פון מאַכט איז יצירה. דער רבש״ע האָט באַשאַפן די

וועלט און ממילא געהערט זי אים. שאַפונג איז דער יסוד פון בעלות און קנין. „לה׳ הארץ ומלואה, תבל ויושבי בה, כי הוא על ימים יסדה ועל נהרות יכוננה״. ממילא, אויב אַ מענטש ווערט (אין מיניאַטור) אַ יוצר, אויב ער פאָרמירט אויס יענעמ׳ס פערזענליכקייט, אויב ער שיינקט איר וויסן און חכמה, אויב ער עפנט אויף נייע וועלטן פאַר איר, „ואת הנפש אשר עשו בחרן״, געהערט דעם תלמיד׳ס פערזענליכקייט צו אים. דער תלמיד איז קנינו פון רבי׳ן, ווייל דער רבי באַנוצט זיך מיט דעם ספר וועלכער איז אַ ספר יצירה.

די הנהגה וואָס דער ספר רעפּרעזענטירט קומט פון אַ גאַנץ אַנדערן מקור, ווי כיבוש. איר אורשפּרונג איז השפעה, וואָס איז גרונטזעצליך ניט פאַרבונדן מיט׳ן רבים און ווערט ניט מאַניפעסטירט אין קאָלעקטיווער האַנדלונג. דער גרעסטער גייסטיקער משפיע איז דער יחיד, און די צינורות דורך וועלכע די השפעה פליסט זיינען אינדיווידועל און אייגנאַרטיק. אָט־די השפעה ווערט קריסטאַליזירט אין גייסטיקער מאַכט, וואָס דער רבי איבט אויס אויפ׳ן תלמיד, אין דער מאַכט וואָס משה האָט געהאַט איבער יהושע׳ן און איין דור אויפ׳ן צווייטן אין דער לאַנגער שלשלת הקבלה. ספר איז די לעבעדיקע געשטאַלט פון רבי׳ן וואָס באַגלייט דעם תלמיד זיין גאַנצן לעבן און באַשיצט אים, אין צייטן פון קריזיס און מאָראַלישער צוטומלעניש, קעגן דאָס רייצן פונ׳ם שטן און די פאַרפירערישע הבטחות פון חטא. גערעכטערוועט יוסף׳ן אין אַ מאָמענט פון נסיון און שוואַכקייט האָט דער לעבעדיקער „שלחן ערוך״, וואָס איז פערזאָניפיצירט געוואָרן דורך יעקב׳ן. דער דמות דיוקנו של אביו, די געשטאַלט פון רבי׳ן, האָט אים אויסגעלייזט אין אַ צייט ווען ער האָט געהאַלטן ביים זינקען אין מעמקים. ספר מיינט ניט דוקא דאָס אָביעקטיווע בוך, וואָס באַשטייט פון שוואַרצע אותיות אויפ׳ן ווייסן פאַפּיר, נאָר די מענטשליכע פערזענליכקייט, דעם מח, דאָס האַרץ, דעם גייסט, פון וועלכן עס פליסן מחשבות, אידעען, רגשות און וויזיעס, וואָס לאָזן אַ רושם, געשטאַלטן די פערזענליכקייט פון דעם תלמיד, באַ־זאָרגן איר מיט אַן השקפת־עולם און ווייזן איר אָן אַ לעבנס־וועג. מיט איין וואָרט: די הנהגה וואָס איז פאַרבונדן מיט׳ן ספר, קומט ניט פון כיבוש, נאָר פון יצירה. דער רבי איז אַ יוצר. רש״י, אָפּטייטשנדיק די ווערטער „והייתם כא׳ יודעי טוב ורע״, האָט ניט מסכים געווען מיט אונקלוס׳ן און האָט מוסיף געווען צו די ווערטער „והייתם כא׳״ — „יוצרי עולמות״. עס וואָלט אויסגעוויזן, אַז רש״י באַטראַכט דעם „כא־לקים״ אַלס קודש.

די הנהגה דורכ׳ן ספר איז יונק ניט פון מדת הפחד נאָר פון יראה: אויף רבי עקיבא׳ס מאמר, „את ה׳ א־לקיך תירא — לרבות תלמידי־חכמים״, זאָגן די בעלי התוספות (ב״ק מא, ב), אַז די דרשה באַציט זיך אויף אַ רב

מובהק. עס איז דאָ אַ גרונטזעצליכער אונטערשייד צווישן פחד און יראה. דאָס פחד־געפיל איז אַ נעוראָטישע דערשיינונג. אַ מענטש וועלכער ליידט פון פחד איז באמת אַ גייסטיק־קראַנקע פערזאָן. פחד שאַפט אַ געפיל פון מאַכטלאָזיקייט און דורכפאַל, אומקאָמפּעטענץ און זעלבסט־ווערטלאָזיקייט. פחד פּאַראַליזירט די מענטשליכע פיאיקייטן און כחות. דער וועלכער שרעקט זיך, מוז האָסן די פערזאָן פאַר וועמען ער האָט מורא. „פחדו בציון חטאים". פחד איז איינג פאַרבונדן מיט דעם געפיל פון שולד, און, ווי געזאָגט, פחד איז באמת אַ שגעון. די תורה האָט פאַרגעשטעלט דעם געפיל פון פחד אין זייער קלאָרע טערמינען. קיין מאָדערנער פסיכיאַטאָר קען דערצו ניט צוגעבן אפילו איין וואָרט. „ובגוים ההם לא תרגיע ולא יהיה מנוח לכף רגלך ונתן ה' לך שם לב רגז וכליון עינים ודאבון נפש והיו חייך תלוים לך מנגד — ופחדת לילה ויומם — בבקר תאמר מי יתן ערב ובערב תאמר מי יתן בקר מפחד לבבך אשר תפחד וממראה עיניך אשר תראה".

יראה איז אַ גאַנץ אַנדערע עמאָציע. „איש אמו ואביו תראו" — די תורה האָט ניט געזאָגט איש אביו ואמו תפחדו, ווייל ווי קען אַ זון זיך שרעקן פאַר אַ טאַטן אָדער מאַמען? איז דען דאָ אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע וואָס ווילן טאָן שלעכטס אפילו אַ שלעכטן קינד? אויף דעם פסוק „ותפשו בו אביו ואמו והוציאו אותו אל זקני עירו ואל שער מקומו ואמרו אל זקני עירו בנינו זה סורר ומורה איננו שומע בקולנו זולל וסובא", זאָגט די גמרא אין סנהדרין (עא, א): „בן סורר ומורה לא היה ולא עתיד להיות, אלא דרוש וקבל שכר". ווי קען עס אַ פאָטער און אַ מוטער מקטרג זיין אויף זייערס אַ קינד? עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די אזהרה „איש אביו ואמו תראו" באַציט זיך ניט אויף פחד, נאָר אויף יראה, וואָס איז אין עצם יראת הכבוד.

באמת האָט די גמרא אין קידושין (ל"א, ב) אַזוי אָפּגעטײַטשט דעם טערמין „יראה". די ברייתא האָט אינטערפּרעטירט „יראה" אינ'ם זין פון יראת־הכבוד — „איזהו מורא? לא עומד במקומו, ולא יושב במקומו, ולא סותר את דבריו, ולא מכריע". אָט־די אַלע פרטים כאַראַקטעריזירן אַ געפיל פון פאַרערונג, ניט אַ געפיל פון פחד.

אין קעגנזאַץ צו פחד, וואָס דריקט זיך אויס אין שנאה צו דער פערזאָן פאַר וועמען מען שרעקט זיך, איז דאָס געפיל פון יראה אַלס יראת הכבוד איינג פאַרבונדן מיט'ן רגש פון אהבה — וועמען איך האָב ליב, פאַרער איך. דער רמב"ם אין „יסודי התורה" (פ"ב ה"א) האָט פאַראייניקט אהבת ה' מיט יראת הרוממות של הקב"ה. דער הויפּט־רעזולטאַט פון יראת הכבוד איז געהאָרכזאַמקייט, ווייל איך בין שטאָלץ וואָס איך האָב אַ געלעגנהייט צו אימיטירן דעם, וועמען

איך פאַרער, צו זיין זיין שליח און פאַרווירקליכן זיין רצון. מיט איין וואָרט: „סייף" באַרוט אויף פחד פאַר די „רברבין"; „ספר" איז באַזירט אויף יראת הכבוד און ליבע צום רבי'ן, וועלכער איז אַ יוצר עולמות.

## ב.

## כיבוש אדער חזקה

די הנהגה וואָס באַרוט אויפ'ן „ספר", אויף השפעה, האָט אויך אַ קאָרע־לאַטיוו אין הלכה. דער רמב"ם, אין איינקלאַנג מיט'ן ירושלמי (שביעית פ"ו, ה"א) זאָגט, אַז די צווייטע קדושה (פון עזרא וסיעתו) איז דורכגעפירט געוואָרן ניט דורך כיבוש, — ווייל די עולי בבל האָבן קיין אַרמיי ניט געהאַט; זיי זיינען געוועזן קליין אין צאָל, אָרים און עלנט, און געוועזן אָפּהענגיק פון פרס — נאָר דורך חזקה, דורך דעם וואָס זיי האָבן קאָלאָניזירט ארץ ישראל, געאַקערט די ערד, איר פאַרזייט, באַוואָסערט, אויסגעריסן די פּאַראַזיטישע פלאַנצן, געשניטן איר תבואה, און פאַרווירקליכט אין זייער לעבן אַלע כללים ופרטים פון תורת משה, און ממילא איז דאָס לאַנד נתקדש געוואָרן. מיט איין וואָרט, די קדושת עזרא איז פאַרווירקליכט געוואָרן דורכ'ן ספר, דורך דער פאַרווירקליכונג פון דער מצוה פון ירושה וישיבה, דורך דער הערצאָישער טאַט פון חזקה אין איינקלאַנג מיט די חוקים ומשפטים פונ'ם ספר. און פונקט ווי ארץ־ישראל איז נתקדש געוואָרן דורכ'ן ספר, דורך חזקה אין הסכם מיט'ן ספר, אַזוי ווערט אויך די מענטשליכע פערזענליכקייט געהייליקט דורך אַ סימבאָלישער חזקה, וועלכער איז אַ רעזולטאַט פון דער השפעה פון ספר. דער ספר אַקערט איף די פאַרשלאָפענע מענטשליכע פערזענליכקייט, עפנט אויף די פאַר־באָרגנסטע ווינקלען, וואו די נשמה בייגקט צום בורא עולם, וועקט אויף נייע געפילן, רופט אַרויס נייע עמפּינדונגען, און פאַרוואַנדלט אַ גייסטיקן מדבר אין אַ בליענדיקן גאָרטן. מיט איין וואָרט: דער סייף איז כובש, דער ספר איז מחזיק און יוצר עולמות.

דרך אגב וויל איך צוגעבן, אַז אַמאָל באַנוצט זיך דער שטן דוקא ניט מיט'ן סייף נאָר מיט'ן ספר. דער ספר קען אַמאָל זיין אָנגעלאָדן מיט שוואַרצער מאַגיש־גייסטיקער קראַפט, מיט טייוולאָנישער גאונות. דער שטן איז אַ גוטער רבי, ער קען אינדאָקטרינירן, איינשמועסן, איבערצייגן. גיט אַ קוק די קאַטאַס־טראָפע וואָס איין בוך פון מאַרקס'ן האָט פאַראורזאַכט. די סטרא אחרא האָט אויך אַ ספר, זי קען אויך זיין אַ יוצרת עולמות, זי קען פליען צו דער לבנה.

צוויי פראַגן שווימען אויף אין שייכות מיט דעם קאָנטראַסט צווישן סייף און ספר. ערשטנס, וואָס איז די שטעלונג פון דער הלכה צום סייף? האָט די הלכה אינגאַנצן אָפּגעוואָרפן דעם „סייף" אַלס אַ מיטל צו רעאַליזירן די חלומות פון אַ יחיד אָדער אַ רבים? איז די הלכה אַזוי נאַאיוו־פּאַציפיסטיש איינגעשטעלט, אַז זי וויל גאָר פון „סייף" ניט וויסן? דער ענטפער דערויף איז נעגאַטיוו. די הלכה האָט ניט פאַרלייקנט די אונפאַרמיידליכקייט פון באַנוצן זיך מיט'ן סייף — אונטער באַשטימטע אומשטענדן. די הלכה האָט אין פילע פאַלן סאַנקציאָנירט כיבוש. אין דער פּראַקטישער וועלט מוז מען זיין אָרגאַניזירט, און מען דאַרף זיין בכח אָרויפצוואַרפן אַמאָל דעם רצון פון דער געזעלשאַפט אויפ'ן יחיד. „הוי מתפלל בשלומה של מלכות, שאלמלא מוראה — איש את רעהו חיים בלעו". כיבוש, האָט אָפּגעפּסק'נט די הלכה, איז אַ מקדש. די קדושה ראשונה פון ארץ ישראל איז דורכגעפירט געוואָרן דורך כיבוש. „כל המקום אשר תדרוך כף רגלכם בו לכם נתתיו". די תורה איז רעאַליסטיש און רעכנט זיך מיט פאַקטן. כדי איינצונעמען דאָס לאַנד פון שבעה עממין האָט מען געמוזט זיך באַנוצן מיט סייף, מיט מיליטערישער טאַקטיק, מיט פיזישער מאַכט. זעלבסט־פאַרטיידיקונג סיי פון דעם יחיד און סיי פון דעם צבור, איז ניט נאָר אַ היתר, נאָר אַ חוב. אַ מענטש מוז קענען באַשיצן זיינע אינדיווידועלע ווי אויך געזעלשאַפטליכע אינטערעסן; אויב ניט, איז ער אַ מתחייב בנפשו. איר פאַרשטייט דאָך גאַנץ גוט, אַז כל זמן רשעות און אונגערעכטיקייט עקסיסטירן נאָך, מוז סיי דער צבור און סיי דער יחיד פון צייט־צו־צייט באַנוצן זיך מיט'ן „סייף".

דער נחש האָט אָנגעוויזן אדם הראשונ'ען אויף בידע מקורות פון ממשלה — „סייף" און „ספר", און ער האָט געוואָלט, אַז אדם זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ „רברבין" און „יוצר עולמות". אָבער סיי דער „סייף" און סיי דער „ספר" זיינען אָנגעלאָדן מיט טומאה, האַרצלאָזיקייט און עגאָאיזם.

די תשובה וואָס דער רבש"ע האָט געגעבן אדם הראשונ'ען, וועלכער האָט געוואָלט ווערן אַ יוצר עולמות דורכ'ן ספר, זיינען געווען די שני כרובים מיט די לוחות און דער ספר־תורה, וואָס וועלן מגין זיין אויף אים און ניט לאָזן אים פאַרלירן דעם צלם א־לקים און די פּאָטענץ פאַר גייסטיק־מאָראַלישער גרויס־קייט.

צווייטנס, דאַרפן מיר, ווי געזאָגט, ענטפערן אויף נאָך אַ שאלה: אין וועלכער ממשלה אָדער הנהגה איז דאָ מער מזל־ברכה — אין רברבין מיט'ן סייף, וועלכע רעפּרעזענטירן פחד, אָדער אין יוצרי־עולמות מיט זייער ספר, וועלכע רעפּרעזענטירן די מידה פון יראת הכבוד אָדער יראת הרוממות?

דער ענטפּער אויף דער פראַגע איז אָפּהייִנגיק פון אונזער איינשטעלונג לגבי מזל־ברכה. עס ווענדט זיך וואָס מיר פאַרשטייען אונטער דעם טערמין. אויב מיר טייטשן אָפּ מזל־ברכה אין זין פון כמות, צייטווייליקע קוואַנטיטאַטיווע גדלות און באַלדיקייט, — דאַן דאַרפן מיר פאַרציען דעם סייף איבער דעם ספר. די השפעה פון ספר איז ביים אָנפאַנג פיל באַגרעניצטער ווי די השפעה פון סייף, און מען דאַרף האָבן אסך געדולד און וואַרטן אַ לאַנגע צייט אַז די פּרוכט זאָל רייף ווערן. אויב אָבער מיר רעדן וועגן דויערהאַפטיקייט און טיפקייט, האָט די השפעה פון ספר אסך מער אריכות ימים און אסך מער עמקות.

קדושת יהושע דורך כיבוש און סייף האָט איינגעשלאָסן אַ פיל ברייטערע טעריטאָריע, ווי קדושת עזרא דורכ'ן ספר. מיר ווייסן, אַז „הרבה מקומות קדשו עולי מצרים ולא קדשו עולי בבל". וואָס אַ מעכטיקע, זיגרייכע אַרמיי קען לייסטן אין אַ קורצער צייט, קענען עס אָרימע עולים, וועלכע לעבן־אויף די שממה, ניט דערגרייכן אפילו אין אַ פיל לייִנגערער פּעריאָדע. אָבער פון דער אַנדער זייט, ווייסן מיר, אַז קדושת יהושע האָט געדויערט נאָר אַזוי לאַנג ווי עס איז ניט געווען קיין שטאַרקערער כובש, וואָס האָט געהאַט אַ מעכטיקערן סייף. אין דעם מאָמענט, אָבער, ווען ס'איז געקומען דער גי־גאַנטישער סייף פון נבוכדנצר'ן, וואָס האָט דעראָבערט ארץ־ישראל, איז בטל געוואָרן דער כיבוש און דערמיט איז אויך פאַרשוואונדן די קדושת הארץ. (כיון שנלקחה הארץ מידיהם, בטל הכיבוש. — רמב"ם, פ"ו מהלכות בית הבחירה, הל' ט"ז). זעט איר, קדושת עזרא, וואָס איז רעאַליזירט געוואָרן דורך יצירה און חזקה, דורכ'ן ספר, טראָץ דעם וואָס זי איז געווען באַגרעניצט בנוגע שטח הארץ וואָס איז נתקדש געוואָרן, איז געווען ניט קיין צייטווייליקע, נאָר אַן איביקע קדושה. קדשה לשעתה וקדשה לעתיד לבוא. וואָס עס האָט איר געפעלט אין כמות, איז דערגענץ געוואָרן פילפאַכיק אין איכות. „רברבין" קענען אַראָפּגעוואָרפן ווערן; יוצרי עולמות קען מען ניט מסלק זיין.

### ג.

### „וישכן מקדם... את הכרובים ואת להט החרב המתהפכת"

ווען איך קוק אויפ'ן מאָדערנעם סעקולערן מענטשן, דוכט זיך מיר שטענדיק, אַז איך זע אדם הראשונ'ען גלייך נאָכ'ן חטא, ווען עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער איז ביידע זאַכן — סיי אַ כובש עולמות און סיי אַ יוצר עולמות. דער מאָדערנער מענטש גלויבט שטאַרק אין דעם כח פון „חרב המתהפכת", אין די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע יסודות פון דער געזעלשאַפט, און

ער גלויבט נאָכמער מיט דעם פאַנאַטיזם פון אַן עובד עבודה־זרה אין דער מאַכט פון דעם „ספר״, פון דעם וויסנשאַפטליכן בוך, וואָס דאַרף אים ברענגען די גאולה שלימה. איך וואונדער מיך אַסך מאָל: ווי קען די מאָדערנע געזעלשאַפט זיין אַזוי נאַאיוו און גלאָריפיצירן דעם מענטשן מיט זיין „סייף״ און „ספר״ אין אַ דור וואָס האָט געזען דעם חורבן העולם דורך נאַציזם און וואָס לעבט איצט דורך דעם קריזיס פון דער מענטשליכער ציוויליזאַציע, וואָס די קאָמוניסטיש־אַטעאיסטישע וועלט האָט פאַראורזאַכט? אָבער עס איז אומזיסט צו פרעגן קשיות אויף פאַקטן. דער מערב־מענטש איז פאַר׳שיכור׳ט מיט זיך אַליין און מיט זיינע טעכנאָלאָגישע נצחונות.

אויף דערזעלבער גייסטיקער סיטואַציע שטויסן מיר זיך אָן אויך אין ארץ־ישראל. דער סעקולערער ישוב איז אַגרעסיוו, ענערגיש, קאָנסטרוקטיוו, פיאָנעריש און ממילא האָט ער אַן אומבאַגרעניצטע אמונה אין דעם כח פון „סייף״ און פון חולין׳דיקן „ספר״. די אויפגאַבע פון מזרחי איז צו געבן דעם ישוב אין א״י ניט סתם אַ ספר, נאָר דעם ספר הספרים וואָס איז מדורי־דורות באַשיצט דורך די כרובים, כדי צו מקדש זיין דאָס חולין און ברענגען גאולת הנפש. כדי צו מצליח זיין מיט דער מיסיע פון ספר מוז דער מזרחי, פון צייט־צו־צייט, אויך זיך באַנוצן מיט דער „חרב המתהפכת״. מיר מוזן זיך קעגנשטעלן דער וואָכעדיקער וועלט סיי מיט די „שני כרובים״ און סיי מיט דעם „להט החרב המתהפכת״.

לאָמיר אַביסל מסביר זיין דעם געדאַנק. ווי איך פאַרשטיי די געשיכטע און די אידעאָלאָגיע פון אונזער באַוועגונג, איז אונזער הויפט־וויזיע: יצירה. מיר טרוימען וועגן איינפירן אַ נייע השקפת־עולם און הנהגת־עולם ביי אידן. דער מזרחי טראָגט אין זיינע אָרעמס אַ ספר — „מימינו אש דת למו״; ער איז באַהערשט פון אַ שטענדיקן אומרו, פון אייביקן אומגעדולד און רעוואָלט קעגן אַ זאַטע, זעלבסט־צופרידענע יהדות, קעגן דער אידישער היים וואָס איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון קדושה, מסורה, האַרציקייט, צניעות, רוח הקודש; קעגן אַ יוגנט וואָס ווערט דערצויגן אויף אַן עבודה־זרה׳דיקן אופן, אָן אמונה און אָן פאַרשטענדניס פאַר גייסטיקע ווערטן און אָן ליבע לקדשי ישראל; קעגן מענטשן וועלכע האָבן פאַרלאָרן די געגועים נאָך מלכות שבת און נאָך דער דערהויבנקייט און יום־טוב׳דיקייט פון אַ העכערן לעבן. מיר ווילן זען די פליגלען פון די כרובים אויסגעשפרייט איבער דעם ישוב פון ארץ־ישראל. „והיו הכרובים פורשי כנפים למעלה״; מיר ווילן מחזיר זיין עטרה ליושנה און פונקט ווי משה און די אנשי כנסת הגדולה אויסרופן: הא־ל הגדול הגבור והנורא — דעמאָנסטרירן די גרויסקייט, די הערלאַכקייט און דערהויבנקייט

פון יהדות. מיר זיינען אַן עדה וואָס האָט פאַרשלאָסן אין איר האַרצן אַ וואונדערפולע וויזיע־עדות און שטרעבט צו דערציילן אַנדערע דעם חזון. מיט איין וואָרט: מיר ווילן אַליין זיין יוצרי עולמות און לערנען אַנדערע ווי צו זיין יוצרי עולמות.

אָבער, ווי שוין פריער אָנגעדייטעט, ווערט דער מזרחי אויך סימבאָליזירט דורך דעם „חרב המתהפכת", דורך דעם סייף; מיר ווילן אויך זיין „רברבין" מאַכטהאָבער, פּאָליטישע פירער, פּאַרלאַמענטאַריער, פּאָליטיקער, עקאָנאָמיסטן. מיר האָבן אַן אָרגאַניזאַציע וואָס קעמפּט מיט אַלע מיטלען וואָס שטייען צו דער פאַרפיגונג פון „רברבין". פאַרוואָס דאַרפן מיר זיך באַנוצן מיט דעם „חרב המתהפכת", מיט די מיטלען פון „רברבין"? פּשוט, ווייל מיר קעמפן ניט נאָר קעגן אַן אַנדער ספר, קעגן דעם שטן אַלס יוצר פון פינסטערע עולמות, נאָר אויך קעגן אַ „חרב המתהפכת" פון די סעקולערע פּאַרטייען, וואָס פאַרמאָגן אַסך געלט און אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, וואָס ווילן קאָנטראָלירן מיט'ן כח פון סייף אַלע פאַזן פון אידישן לעבן. פונקט ווי דער רבש"ע האָט פאַרצאַמט דעם וועג צום „עץ החיים" מיט כרובים און חרב המתהפכת, אַזוי באַמיען מיר זיך אויך צו טאָן.

ד.

## די צוויי פּסוקים אינ'ם ספר פון מזרחי

לאָמיר זיך אומקערן צום ספר. וואָס שטייט אין אונזער ספר? דוכט זיך: צוויי פּסוקים: דער ערשטער פּסוק, וואָס איז אויסגעקריצט אויף די טאָוולען פון דעם ספר, איז דער פּסוק פון בראשית (ה, א): „זה ספר תולדות אדם ביום ברא א' אדם בדמות א' ברא אותו זכר ונקבה בראם" וכו'. אסך האָבן שוין געפרעגט, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער יסוד פון „בצלם א' " מיט „זכר ונקבה בראם"? דער פּסוק רעדט דאָך דאָ ניט וועגן דער פיזאָלאָגיע און אַנאַטאָמיע פון אדמ'ען נאָר וועגן זיין צלם א', זיין גייסטיקער פערזענליכקייט. אויב אַזוי, וואָס איז דער קשר צווישן דער דיפערענציאַציע פון זכר ונקבה און דער מעטאַפיזיש־ג־טליכער נאַטור פון מענטש?

דעם ענטפער אויף דער קשיא קענען מיר געפינען אין די פירושים פון די חכמי הקבלה. די פאַרבינדונג פון „צלם א' " מיט „זכר ונקבה" איז גאָר אַ גרויסע. צוויי כחות האָט דער רבש"ע איינגעפלאַנצט אין מענטשן. פון איין זייט דעם כח פון אַ יוצר עולמות, דעם כח פון זיין אַ רבי און לערנען יענעם, משפיע זיין אויף אים, ענדערן זיין פערזענליכקייט און אומגעשטאַלטן איר. דער כח איז

אַ מערקווירדיקער וואונדער. דער רבי נעמט אַ רויע, פאַרמלאָזע, תערובת פון טוב ורע, פון אור וחושך, פון פרימיטיווע אינסטינקטן און פאַרבאָרגענע עמאָציעס, און געשטאַלטעט אויס דורך זייַן השפעה אַ האַרמאָנישע, פראַכטפולע פערזענליכקייט.

פון דער אַנדער זייט האָט דער רבש״ע געשיינקט דעם מענטשן אַן אַנדער כח — די פייאיקייט צו זיין אַ תלמיד, צו לערנען פון יענעם, צו קענען ווערן אַ מושפע און זיך לאָזן, אין דער בחינה פון „כחומר ביד היוצר״, אויסגעפורעמט צו ווערן. „זכר ונקבה ברא אותם״ — אַקטיוויטעט און פאַסיוויטעט, שעפערישקייט און רעצעפּטיוויטעט זיינען איינגעפלאַנצט געוואָרן אין דער מענטשליכער פערזענ־ליכקייט. קיין מענטש, ווי גרויס ער זאָל ניט זיין, טאָר זיך ניט איינשמועסן, אַז ער איז אַלעמאָל אַ רבי און קיינמאָל ניט קיין תלמיד, אַז ער ווייס שוין אַלץ און דאַרף גאָרניט לערנען פון צווייטן. דער כלל פון „איזהו חכם הלומד מכל אדם״, איז אַ יסוד אין יהדות. אַ מענטש טאָר קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז ער קען זיך אויסלערנען אַזויפיל פון יענעם וויפל ער האָט בכח צו געבן יענעם.

פון דער אַנדער זייט — ווי קליין אַ מענטש זאָל ניט זיין, ווי באַגרעניצט זיין גייסטיקער באַגאַזש זאָל ניט זיין, ווי ווייניק ער זאָל ניט וויסן, האָט ער אויך כחות הנפש און מדות טובות און אוצרות פון הרגש, מיט וועלכע ער קען זיך טיילן מיט אַנדערע און משפיע זיין אויף זיי. יעדער מענטש איז אַ רבי און אַ תלמיד, אַ משפיע און מושפע, אַ מקבל און אַ נותן. זכר ונקבה ברא אותם.

אין דעם פסוק „זכר ונקבה ברא אותם״ קומט צום אויסדרוק נאָך אַ יסוד: אמונה אין מענטשן בכלל און אין אידן בפרט, נעמליך: ווי געזונקען אַ מענטש זאָל ניט זיין, ווי ווייט אָפּגעפרעמדעט ער זאָל ניט זיין, קען ער ניט כסדר לייסטן ווידערשטאַנד צו דער השפעה פון אַ רבי׳ן וואָס איז אַ יוצר עולמות, פון דעם ספר, פון איינעם וועלכער ווייס ווי צו ריידן צו אים און ווי צו אַנטפּלעקן אין אים העכערע געפילן און עמאָציעס, פון וועלכע די פערזאָן אַליין ווייס גאָר ניט. אין דעם „זכר ונקבה ברא אותם״ איז פאָרמולירט געוואָרן די אָפּטימיסטישע וועלט־אַנשויאונג פון יהדות, אַז יעדן יחיד קען מען רעהאַביליטירן, רעפאָרמירן, מטהר זיין און אויסלייזן. געוויינליך, דערצו איז נויטיק גלויבן און פאַרטרויען פון דעם רבי׳ן צו דעם תלמיד, פון דעם מוכיח צום חוטא, און צו דעם ספר תולדות אדם בכלל. ניט אומזיסט האָט זיך בן עזאי אויסגעדריקט, אַז דעם פסוק „זה ספר תולדות אדם ביום ברא א׳ אדם בדמות א׳ ברא אותו זכר ונקבה בראם״ איז אַ כלל גדול בתורה. דער ספר גלויבט אין מענטשן, אַז ער קען זיין אַ יוצר עולמות, „זכר״, אָבער אויך, אַז ער האָט דעם כח זיך אונטערצוואַרפן דער שעפערישער השפעה פון דעם יוצר — נקבה.

אַז דער אמונה קען מען היינט קיין רב ניט זיין אין אַמעריקע, מען קען דעם אַמט פון ראש־ישיבה אוודאי ניט פאַרנעמען, און מען קען בכלל ניט חלומ׳ען וועגן מחזיר זיין למוטב יחידים אָדער רבים. אויב „זה ספר תולדות אדם בצלם א׳ ברא אותם זכר ונקבה בראם״ איז ניט די מאָטאָ פון דעם רב און ראש־ישיבה, טאָרן זיי קיין מנהיגים ניט זיין.

דער „ספר תולדות אדם״ איז דער ספר פון אונזער באַוועגונג. מיר גלויבן אין דעם מענטשן בכלל און דעם אידן בפרט. טראָץ אַלע אַנטוישונגען און באַליידיקונגען וואָס מיר מאַכן דורך, זאָגן מיר מיט עקשנות: „בצלם א׳ בראם זכר ונקבה ברא אותם״. ווען ניט דער פסוק פון זכר ונקבה ברא אותם, וואָלט דער מזרחי, און מיר אַלע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סעקטע וואָס איז אָפּגעזונדערט פון רבים. מיר וואָלטן געוואָרן מיזאַנטראָפּן און מיר וואָלטן פיינט געהאַט אַלעמען און אַלע וואָלטן געהאַסט אונז, אין דער בחינה פון „ידו בכל ויד כל בו״. אויב איך געהער צום מזרחי, איז עס אפשר אַ תוצאה פון דעם פסוק, וואָס איז דער שבולת פון מזרחי. אָן דעם פסוק וואָלט דער מזרחי זיך ניט געקענט באַטייליקן אין דער רעגירונג, אָדער אין דער כנסת און זיין איבערגעבן בלב ונפש צו מדינת ישראל, וועמענס גורל ווערט באַשטימט פון מענטשן וועלכע ווייזן אַרויס זייער אָפט טעמפּקייט און אומפאַרשטענדניס בנוגע יסודות היהדות; וועמען עס פעלט די עלעמנטאַרסטע עמפינדליכקייט בנוגע גייסטיקע ווערטן און וועלכע פאַרשאַפן אונז ניט ווייניק עגמת נפש און עלבון. טראָץ גייסטיקע באַלידיקונגען און יסורי־הנפש האָבן מיר זיך קיינמאָל ניט מייאש געווען און קיינמאָל ניט פורש געווען צוליב פאַרצווייפלונג צו אַ קרן זווית. מיר גלויבן אין דעם „זה ספר תולדות אדם זכר ונקבה ברא אותם״, אַז אַלע וועלן זיך סוף־סוף מכניע זיין צום גרויסן רבי׳ן, ווען ער וועט ענדליך דערשיינען.

צווייטנס איז אויפגעשריבן אין אונזער ספר אַ צווייטער פסוק פון דער היינטיקער סדרה: „ויבוא אברהם וכו׳ וידבר אל בני חת לאמר. גר ותושב אנכי עמכם״. בשעת דער ערשטער פסוק איז דער מקור פון אונזער אָפּטימיסטישער השקפת עולם, אַז „עלה נעלה וירשנו אותה״, סימבאַליזירט דעם צווייטער פסוק דעם אינהאַלט פון אונזער השקפת עולם. וואָס זוכן מיר, וואָס ווילן מיר און וואָס פאַרלאַנגען מיר, סיי אין ארץ־ישראל און סיי אין דער דיאַספּאָרא? וואָס איז אונזער שטעלונג צו דער גאַנצער ציוויליזאַציע, צו דער וויסנשאַפט, צו דער מערב־קולטור, צו די מדינות אין וועלכע מיר לעבן?

דער ענטפער איז אַנטהאַלטן אין אברהמ׳ס קורצער זעלבסט־פאַרשטעלונג

צו די בני חת. אוודאי בין איך א תושב; איך בין איינער פון אייך, איך טו מיט אייך ביזנעס, איך רייד אייער שפראַך, אין באַטייליק זיך אין אייערע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס, איך דין אין מיליטער און בין גרייט צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד, אויב זי וועט אַטאַקירט ווערן פון אַ שונא; איך אַרבעט־מיט מיט אייך אין לאַבאראַטאָריעס, איך באַמי זיך צו באַקעמפן קראַנקהייטן, איך פּראָדוציר, איך קולטיוויר דאָס לאַנד — כ׳בין אַ תושב אין פולן זין פון וואָרט. אָבער גלייכצייטיק בין איך אויך אַ גר, אַ פרעמדער אויף באַשטימטע געביטן. איך געהער צו אַ באַשטימטער וועלט, וואָס איז טאָטאַל פרעמד צו אייך, אַ וועלט וואו איך בין זיך מיחד מיט׳ן בורא־עולם, אַ וועלט וואָס איז באַפעלקערט מיט געשטאַלטן וועלכע איר קענט ניט, מיט אַ מסורה, וואָס איז אייך אומפאַרשטענדליך, מיט גייסטיקע ערכים וועלכע זעען אויס אַזוי אומפּראַקטיש צו אייך, די בני־חת די פּראַגמאַטיקער; אַ וועלט וואָס איז פול מיט מזבחות און קרבנות, אַ וועלט פון תורה, חסד, קדושה און טהרה. איר לעבט אַנדערש, איר דאַוונט אַנדערש, אייער באַגריף פון צדקה איז אַ גאַנץ אַנדערער; אייערע רו־טעג זיינען אַנדערש א.א.וו. בנוגע דער וועלט גייען מיר זיך פאַנאַנדער. אין די ענינים בין איך אַ גר אין אייער וועלט און איר — גרים אין מיין וועלט. קבר ישראל איז איינע פון די יסודות, בנוגע וועלכע מיר זיינען גרים און פרעמד איינע צו די אַנדערע. אַ איד שטאַרבט און ווערט באַגראָבן אַנדערש. דערפאַר — „תנו לי אחוזת קבר עמכם ואקברה מתי מלפני״. אַ איד דאַרף האָבן אַן אייגענעם בית־עולם, קבר ישראל.

די בני־חת האָבן פאַרשטאַנען זייער גוט דעם „תושב״, אָבער ניט געוואָלט באַגרייפן דעם „גר״, און די האָבן נאַאיוו אַ זאָג געטאָן צו אברהמ׳ען; „נשיא א׳ אתה בתוכנו במבחר קברינו קבור את מתך איש ממנו את קברו לא יכלה ממך מקבור מתך״. מיט אַנדערע ווערטער: אברהם, וואָס רעדסטו עפּעס וועגן גרות, וועגן אָפּגעזונדערטקייט, וועגן אייגנאַרטיקייט, וועגן אַן אייגענעם בית הקברות; דו ביסט דאָך אַ ג־טליכער פירסט; פאַרגעס די גרות און ווער אַ פולקאָמענער תושב ביי אונז אין אַלע הינזיכטן, ביים לעבן און נאָכ׳ן טויט. די בני חת האָבן געוואָלט, אַז שרה זאָל באַגראָבן ווערן אויף זייער בית עולם, כדי די קבורה זאָל זיין דער סימבאָל פון אַ פולשטענדיקן תושב וועלכער האָט זיך אַסימילירט מיט זייער געזעלשאַפט.

אברהם, אָבער, איז ווייניק נתפעל געוואָרן, און זייער העפלעך אָבער עקשנות׳דיק געענטפערט: „וידבר אתם לאמר: אם יש את נפשכם לקבר את מתי מלפני שמעוני ופגעו לי בעפרון בן צוחר ויתן לי את מערת המכפלה בכסף מלא יתננה לי בתוככם לאחזת קבר״. — הערט זיך איין וואָס איך זאָג אייך:

איך בין אַ גר און אַ תושב. איך קען ניט מפקיר זיין מיין התחייבות צום בורא־עולם, צום כריתת־ברית, מיין איינגאַרטיקייט. איר קענט מיך אָפּגילטן און מיך אָנרופן „נשיא א׳״, אָבער אין באַשטימטע הינזיכטן בין איך אַנדערש ווי איר אַלע — אַ גר. קבורה איז איינע פון די זאַכן בנוגע וועלכע גרות איז גילטיק. דעריבער בעט איך איך, אַז עפרון זאָל מיר פאַרקויפן די מערה לאחוזת קבר.

וואָס זאָגן מיר דעם מערב־אידן? דו ביסט אַ גר ותושב. דו קענסט זיך באַטייליקן אין אַלע פּאָליטיש־עקאָנאָמיש־קולטורעלע אונטערנעמונגען, קענסט זיך פילן אַ תושב אין אוניווערסיטעט, אין דער לאַבאָראַטאָריע, אין פינאַנץ־קרייזן, אין דער פּרעסע, אין פּאַרלאַמענט, אָבער דאָס איז ניט אַלץ. דו האָסט אַ וועלט, וועלכע איז דיינע איינגאַנצן; אַ וועלט פון קדושה, פון חסד, פון תורה, פון שבת, פון טהרה, פון חינוך א.א.וו. טראָג דיין באַטייליקונג אין אַלע פאַזן פון געזעלשאַפטליך־פּאָליטישן לעבן מחמת בלייבן אַ גר, אַ איד וועלכער לעבט אַנדערש ווי אַלע.

וואָס זאָגן מיר מדינת ישראל? דיזעלבע ווערטער: „גר ותושב אנכי עמכם״. מדינת ישראל דאַרף זאָגן צו די אומות העולם: תושב אנכי עמכם — איך בין אַ מיטגליד פון יוניימעד ניישאַנס, איך קאָאָפּעריר מיט אַלעמען אין די אינטערעסן פון שלום, יושר, צדק אין דער וועלט; מיר באַמיען זיך בייצושטייערן צו דער וויסנשאַפט אויף אַלע געביטן. מיר באַוואָסערן דעם מדבר, מיר עקספּע־רימענטירן מיט דער לאַנדווירטשאַפט אין דער שממה, מיר באַמיען זיך צו באַקעמפן טראָפּישע און אַנדערע מחלות. מיר העלפן אפילו די יונגע אַפריקאַנישע מדינות. מיט איין וואָרט — תושב!

אָבער פון דער אַנדער זייט בלייבט די מדינה אַ גר. זי איז אַ גר אין צוויי הינזיכטן. ערשטנס, איז זי די איינציקע בודדת וגלמודה, זי איז אַ חטיבה בפני עצמה. עס זיינען דאָ בלאָקן פון קאַטוילישע מדינות, אַראַביש־איסלאַמישע, נעגערשע מדינות, א.א.וו. יעדע מדינה האָט אַ שוועסטער מדינה. די איינציקע בודדת, גוי אחד בארץ, הן עם לבדד ישכון, איז מדינת ישראל. זי איז אַ גר אין זין פון פּאָליטישער איזאָלאַציע. צווייטנס, מדינת ישראל איז אויך אין אַן אַנדער הינזיכט אין דער בחינה פון גר. די אידייע פון מדינת ישראל אַליין געהערט צו דער וועלט פון גרות, ווייל פון שטאַנדפּונקט פון תושב איז די גאַנצע עקסיסטענץ פון דער מדינה אַן אונפאַרשטענדליכע דערשיינונג. צוליב וואָס זאָלן מערב־אידן זיך פילן צוגע־בונדן צו אַ מדינה טויזנטער מיילן ווייט פון זיי? מיר קענען ניט פאַרלייקענען, אַז אַנטיסעמיטיזם האָט זיך פאַרקלענערט אין די מערב־מדינות בכלל און אין אַמעריקע בפרט. די טויערן פון דער אַקאַדעמישער וועלט זיינען ברייט־אָפן

פאַר אידן. אויך אין דער קאָמערציעל־אינדוסטריעלער וועלט האָבן אידן אומבאַ־גרעניצטע מעגליכקייטן צו וואַקסן און צו דעראָבערן נייע פּאָזיציעס. אפילו בנוגע פּאָליטישער קאַריערע האָט זיך די לאַגע אסך פאַרבעסערט. קיינמאָל אין דער געשיכטע איז אַ אידישער ישוב ניט געווען אַזוי רייך, ווי דער אידישער ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן. מיט איין וואָרט: אונזער ליבע צו ארץ־ישראל איז אַ פאַראַדאָקסאַלע דערשיינונג וואָס קען דערקלערט ווערן נאָר אין טערמינען פון „גר", ניט פון „תושב". אויב דער איד אין דער דיאספּאָרא, אָדער אפילו דער איד אין א"י זאָל זיך דערקלערן אַ פולקאָמענער תושב און מסכים זיין פולשטענדיק מיט די בני־חת, אַז „נשיא א' אתה בתוכנו במבחר קברינו קבר את מתך איש ממנו את קברו לא יכלה ממך", אַז דער איד דאַרף אַוועקוואַרפן אינגאַנצן זיין אייגנאַרטיקייט, ווייל אין דער מאָדערנער וועלט ווערן די מחיצות צווישן גוי און איד אָפּגעווישט, און אַז אין ארץ־ישראל דאַרף געשאַפן ווערן אַ מדינה, וואָס זאָל אינגאַנצן זיין אָפּגעטיילט פון דער מסורה; אַז נשואי תערובות דאַרפן זיין דערלויבט, אַז יעדערער זאָל זיך קענען דערקלערן אַלס איד אין נאַציאָנאַליס־טישן זין, און ניט דאַרפן זיך אונטערוואַרפן די פּראָצעדור פון גרות, אַז פון שבת טאָר קיין זכר עפענטליך ניט זיין, אַז אין די שולעס טאָר מען ניט דערמאָנען דעם א' ישראל; אַז די קינדער זאָלן דערצויגן ווערן ללא תורה וללא עול מלכות שמים, אַז די מדינה דאַרף זיין אין דער בחינה פון תושב, אַ תושב, ווי אַלע מערב־מדינות, — דאַמאָלסט, פרעגט זיך, צוליב וואָס דאַרפן מיר האָבן מדינת ישראל?!

די קשיא האַלטן גוים אין איין פרעגן (און איך רייד וועגן די געבילדעטע גוים פון דער אַקאַדעמישער געמיינדע וואָס קריגן אַלץ מער און מער איינפלוס אין אַמעריקע): צוליב וואָס דאַרפט איר האָבן מדינת ישראל — אַ קליינע אָרימע מדינה, אַ קליינער אינזל אין דער שטורמישן ים פון אַראַבער, עקאָנאָמיש ניט זיכער, מיליטעריש אין אַ זייער אומבאַקוועמער לאַגע? וואָס פעלט אייך אויס אין די פאַראייניקטע שטאַטן? נשיא א' אתה בתוכנו — אַלע שטעלעס אָפן; די מעגליכקייטן אומבאַגרעניצט; בויט דאָ אייערע אינסטיטוציעס. פאַרוואָס שיט איר הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר אין די וויסטענישן פון נגב, בשעת אַ פּאָר מייל פון אייערע נקודות און קבוצים שטייען נאַצער'ס לעגיאָנערן, און מען ווייס ניט מה ילד יום? מילא אייערע עלטערן זיינען געלאָפן פון די פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד, פון דער געטאָ און תחום המושב. אָבער איר — פאַרוואָס אונ־טערשטיצט איר אַזאַ „אַוואַנטורע?" עס איז דאָ איין ענטפער דאַרויף: „גר ותושב אנכי עמכם" — א"י געהערט צו דער וועלט פון אונזער אינטימער באַציאונג צום א' ישראל, עס איז אַ טייל פון דער אידישער מיסטעריע און סודות'דיקן

שיקזאל פון גר ותושב. אין ארץ־ישראל איז דאָ קדושה, און מיר ביינקען נאָך קדושה, נאָכ'ן בורא־עולם וועמענס שכינה רוט אויף די שטיינער און אויף די וויסטע זאמדן. ווען איר גיט דעם גוי די תשובה, — און איך האָב איר געגעבן אסך מאָל, — פאַרשטייט ער אונזער פאַרבינדונג מיט ארץ ישראל. אָבער ווען עס קומען אַראָפּ ארץ־ישראל'דיקע דיפּלאָמאַטן און ווילן באַרעכטיקן די עקסיס־טענץ פון מדינת ישראל דורך דעם „גן הפסלים" אָדער די „הבימה" (וואָס איז דורכגעפאַלן קינסטלעריש אין ניו־יאָרק), אָדער דורך דער אַלטער לעגענדע, אַז אין ארץ־ישראל וועלן מיר ווערן וויסנשאַפטליך אַן „אור לגויים", כי מציון יצא מדע, — דאַן לאַכט זיך אויס דער גוי דערפון. שמועסט זיך ניט איין, אַז מיר וועלן אין ארץ־ישראל ווערן די גדולי המדע. עס איז אַ ביטערער טעות. איר האָט טאַקע אַ גאַנץ גרויסע אוניווערסיטעט אין ירושלים, אָבער עס זיינען דאָ אסך אַזעלכע אין אַמעריקע. בכלל, די גאונות פון דעם יחיד שפּילט היינט צו טאָג ניט דיזעלבע ראָלע, ווי עס האָט געשפּילט אין די פאָריקע יאָרהונדערטער, ווען אַ קופּערניק, אַ גאַלילעי, אַ ניוטאָן, און אַנדערע האָבן רעוואָלוציאָניזירט די וויסנ־שאַפט. היינט איז וויסנשאַפטליכער פּראָגרעס כמעט אינגאַנצען מעכאַניזירט אין די לאַבאָראַטאָריעס, און איז אַ רעזולטאַט פון קאָלעקטיוון פאָרשן. ניט דער יחיד, נאָר אַ גאַנצער קאָרפּוס פון וויסנשאַפטלער מאַכט די וויכטיקסטע אַנטדעקונגען, וויסנשאַפטליכע פאָרשונגען הייגען אסך אָפּ פון געלט־מיטלען. די מיטלען וועט אַמעריקע האָבן שטענדיק מער, ווי ארץ־ישראל.

ממילא, צו רידן וועגן „אור לגויים" אויפ'ן וויסנשאַפטליכן געביט איז ניט קיין וויזיע, נאָר אַ זינלאָזע אילוזיע, וואָס קען ניט באַרעכטיקן די גרויסע קרבנות, וואָס דאָס אידישע פאָלק ברייגגט פאַר ישראל.

איך וויל אָבער ציען די אויפמערזאַמקייט פון דעם עולם אויף נאָך אַ פאַקט, און איך בעט אייך, אַז איר זאָלט מיך ניט פאַלש פאַרשטיין און ניט מיסרעפּרעזענטירן מיינע רייד. עס איז אַלעמאָל געווען שנאת־ישראל צווישן די אומות העולם. ווער עס האָט געהערשט — עשו אָדער ישמעאל, קריסטן אָדער מחמדנער — האָט אונז גע'רודפ'ט. פונדעסטוועגן, אין דער געשיכטע פון רדיפות אויף אידן זיינען די מחמדאנער געווען פאַרהעלטניסמעסיג בעסער ווי די קריסטן. אַזעלכע טראַגעדיעס ווי דאָס מאַרטירערטום פון אידן בשעת די מסעות נושאי־הצלב, אינקוויזיציע אין שפּאַניע, די כמעלניצקי פּאָגראָמען פון ת"ח ות"ט, — געפינען מיר ניט אין דער געשיכטע פון אונזערע קהילות אין די איסלאַמישע לענדער. איצט, אָבער, האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט. בשעת צווישן די קריסטן הערן זיך שטימען פון חשבון־הנפש, זיינען צענדליקע מיליאָנען מחמדאַנער בכלל און אַראַבער בפרט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עמלקים און

נאַציס, ימ״ש, וואָס אויף זייער פּאַן איז אויפגעשריבן די לאָזונג: „לכו ונכחידם מגוי ולא יזכר שם ישראל עוד״, ר״ל. איך דאַרף וועגן דעם ניט מאריך זיין. די פאַקטן זיינען אונז אַלעמען באַקאַנט.

וואָס איז די אורזאַך פון דער כוואַליע פון שנאת־ישראל, וואָס האָט פאַרפלייצט די איסלאַמישע וועלט? מיר וויסן אַלע, אַז די גרינדונג פון מדינת ישראל איז די הויפּט־סיבה. לאָמיר זיין אויפריכטיק און אָפענהערציק: אויב מדינת ישראל איז אַ טייל פון ג־טליכן כריתת־ברית מיט אברהמ׳ען, אַ חלק פון דעם מיסטעריעזן שיקזאַל פון „גר ותושב אנכי עמכם״, אויב מדינת ישראל וועט זיין אַ רינג אין דער שלשלת הזהב פון אידישער מסורה, אויב זי טרעט אויס דעם וועג צו אחרית הימים, — דאַן זיינען אַלע קרבנות כדאי, דאַן זיינען די מזבחות וואָס מיר האָבן געבויט כדי צו גרינדן די מדינה, הייליק און טייער. „ויבן שם מזבח ויקרא בשם ה׳״. אויב אָבער מדינת ישראל זאָל ווערן אַ וואָכעדי־קער שטאַט, אָן תורה, אָן קדושה, אָן שבת, אָן רעליגיעזן חינוך, אָן טהרת המשפחה; אַ שטאַט וואו די אידישע אייגנאַרט וועט ווערן אָפּגעמעקט, — דאַמאָלסט איז דער פּרייז וואָס מיר צאָלן פאַר איר אין בלוט און טרערן צו גרויס. בכלל, ווי באַמערקט פריער, אויב די מדינה וואַרפט אָפּ דעם לאָזונג פון „גר אנכי עמכם״ און באַנוגנט זיך מיט דער פראַזע פון „תושב אנכי עמכם״, דאַמאָלסט קען איך ניט דערקלערן איר וויכטיקייט ניט צו גוים און ניט צו אידן. אַלס תושבים, קענען מיר זיך אויסלעבן זייער גוט אין גלות. מלכות ישראל איז אַ גרויסער ענין, ווען עס איז פאַראייניקט מיט קדושה — קדושה ומלכות. אָבער מלכות בשר ודם לשם מלכות, מלכות לשם פּרעמיער־מיניסטער, אָדער אפילו לשם רעליגיעזע מיטגלידער פון קאַבינעט, איז ווערטלאָז.

„גר ותושב״ איז דער אינהאַלט פון אונזער פּאָליטישער השקפת־עולם, און „זכר ונקבה ברא אותם״ איז דער מקור פון אונזער גלויבן, אַז מיר וועלן מצליח זיין אין אונזער מיסיע. נאָר מיט דעם ספר קענען מיר אָנגיין וויטער מיט אונזער אַרבעט, סיי אין ארץ־ישראל און סיי אין גלות.

## ה.
## חשבון הנפש

אָבער דאָ דערוועקט זיך אַ פראַגע וואָס פאָדערט אַן ענטפער. אויב דאָס אַלץ איז ריכטיק, פאַרוואָס איז די מזרחי־אידעאָלאָגיע ניט אַריינגעדרונגען אין דער רעליגיעזער אינטעלעקטועלער עדה וואָס וואַקסט אין אַמעריקע און

פאַרשפּרייט זיך שנעל? פאַרוואָס געלינגט אונז ניט אריינצוציען די יונגעלייט, וועלכע מיר האָבן געוואָלט דערווערבן אַלס מיטגלידער פון מזרחי?

אַ נייער דור פון מאָדערנעם רעליגיעזן אידן אין אַמעריקע איז אויסגעוואַקסן. טויזנטער יונגעלייט, אַקאַדעמיש אויסגעבילדעט, זיינען זהיר אין אַ מצוה קלה כבחמורה און זיינען יודעי־ספר און בני־תורה. זייער חינוך איז אַ רעזולטאַט פון דער „גר ותושב" — אידעאָלאָגיע, וואָס דער מזרחי האָט אַזוי פיל יאָרן געפּריידיקט. פאַרוואָס געהערן זיי ניט צו דער מזרחי אָרגאַניזאַציע?

ווען דער מזרחי וואָלט מצליח געווען צו דערנעענטערן די קרייזן צו אונזער אַרבעט, וואָלט אונזער באַוועגונג געווען די מעכטיקסטע אין דער אידישער אַמעריקע. זיי לעבן דאָך לויט דעם ספר, און זייער השקפת־עולם איז באַזירט, ווי שוין באַמערקט, אויף דעם פּאַראַדאָקסאַלן זאַץ פון „גר ותושב"!

איך ווייס, איר וועט מיר ענטפערן, אַז דאָס איז ניט די שולד פון מזרחי, נאָר פון די יונגעלייט, וועמען עס פעלט אַ געפיל פון אחריות לגבי דעם צבור; די זיינען, אַזוי צו זאָגן, רעליגיעזע עגאָאיסטן, צדיקים אין פעלץ, און אַזוי ווייטער. איך וועל זיך ניט מתווכח זיין וועגן דעם; אפשר זיינען די מקטרגים גערעכט. אָבער לאָמיר אייך פרעגן אַ צווייטע קשיא. אָט ערשט האָט די מדינה דורכגעמאַכט אַ וואַל־אַקציע. די רעליגיעזע פּאַרטייען פון איין זייט און דער „מערך" פון דער צווייטער זייט האָבן זייער קלאָר גערעדט. משה שפּירא האָט קלאָר און דייטליך געזאָגט, אַז אַ שטימע פאַר וועלכער ס'איז סעקולערער פּאַרטיי גראָבט אונטער דעם בוים אויף וועלכן מיר אַלע זיצן. דער „מערך" האָט זיך אויך ניט געפּוילט און האָט גערעדט בפה מלא וועגן „הנחשים הדתיים המפיצים את ארסם", און האָט געבעטן דעם עולם צו אונטערשטיצן זייערע קאַנדידאַטן וועלכע וועלן „באַפרייען" די „פאַרשקלאַפטע" סעקולאַריסטן פון דער רעליגיעזער „אינקוויזיציע". מיט אנדערע ווערטער, ביידע פראַנטן האָבן מסכים געווען, אַז אַ שטימע פאַר'ן „מערך" איז אַ שטימע כנגד הדת.

ווי האָט דער ישוב רעאַגירט? איך בין ניט קיין פּאָליטישער אַנאַליסט, אָבער אַ שטיקל גמרא אַנאַליזיר איך ניט שלעכט, לכן וועל איך אויך מיך באַמיען צו אַנאַליזירן די רעזולטאַטן פון די וואַלן. לויט מיין מיינונג האָט דער ישוב געגעבן זיין הסכמה צו די פּאַרטייען וועלכע האָבן אַטאַקירט די רעליגיעזע אידן אין די שענדליכסטע ווערטער. לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז דער „מערך" צוזאַמען מיט בן־גוריון'ס גרופּן האָבן כמעט באַקומען 55 מאַנדאַטן. (שרעקט אייך ניט: מען וועט זיך איבערבעטן און מען וועט נאָך טרינקען לחיים). וואָס האָבן די רעליגיעזע פּאַרטייען געוואונען? דאָ מיט אַ וואָך צוריק האָט אַן אגודה־עסקן גערעדט אויף דער אגודה־קאָנפערענץ אין פּאַלסבורג. די

ציטונג האָט באַריכטעט, אַז מיט גרויס התפעלות האָט ער דערציילט ווי די אַלע ראשי־ישיבות האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין וואַל־קאַמף. מיט גרויס התלהבות האָט ער איבערגעגעבן, אַז אַ געוויסער גדול האָט געהייסן זיינע תלמידים ניט צו פאָלגן די עלטערן וועלכע האָבן זיי געהייסן שטימען פאַר אַן אַנדער פרומער פּאַרטיי, ווייל עס איז אין דער בחינה פון „אמר לו אביו חלל את השבת". מילא די לומדות און די אַנאַלאָגיע פון חלל את השבת בין איך איך מוחל. אָבער דאָס איז אמת, אַז די אַלע ראשי ישיבות און כמעט אַלע חסידישע רביים האָבן גע'חתמ'ט אַ קול קורא, פּייער און פלאַם, און האָבן פאַרלאַנגט פון אידן בכח התורה צו שטימען פאַר דער אגודה. ישיבה בחורים האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין וואַל־קאַמפּיין מיט ענטוזיאַזם. בקיצור, מען האָט געקענט מיינען, אַז די אגודה וועט קריגן לכל הפחות 61 מאַנדאַטן אין כנסת. אויף מאָרגן נאָך די וואַלן, אַז איך האָב גענומען די ציטונג אין האַנט האָב איך דערזען, אַז די אגודה איז אַרויס מיט קוים־קוים פיר מאַנדאַטן! פאַרגעסט ניט, אַז איינער פון די חברי הכנסת שטאַמט פון אַן אַלטער ירושלים'דיקער פאַמיליע און אַ סך תושבים פון ירושלים וואָלטן סיי ווי סיי געשטימט פאַר אים. נאָכדעם רעכנט אַריין די שטימען פון די גערער און אַנדערע חסידים, ישיבה־בחורים און פּאַרטיי־מיטגלידער, א.א.וו. אָבער וואָס הערט זיך מכח די צענדליגער טויזנטער שומרי־מצוה, צו ווען דער קול־קורא האָט זיך געווענדעט? לא נעו ולא זעו. אינטער־סאַנט, אַז בשעת די ליסטע פון „עולם הזה", וועמענס רעדאַקטאָר האָט גע'טענה'ט, אַז דער חוק פון לשון הרע און רכילות איז געווענדעט קעגן אים און אַז די רעגירונג וויל אים אַריינזעצן אין חד־גדיא, ווייל ער איז מגלה, ווי די דיבוקים פון אַמאָל, די חטאים פון אַנדערע, האָט אָן קול־קורא'ס פון גאונים און רביים כמעט געצויגן גענוג שטימען אויף צוויי מאַנדאַטן (צוליב אַ קליינער דיפערענץ האָט זי פאַרלאָרן דעם צווייטן מאַנדאַט צום „מערך"), האָט די אגודה מיט איר „דעת תורה" בדוחק געוואונען פיר, און פועלי אגודת ישראל מיט זייער קול־קורא „נקי כפיים ובר לבב", מיט דעם שמיטה־אינסטיטוט, מיט זייער רעליגיעזער חלוציות האָבן קוים מיט צרות געקראָגן צוויי.

וואָס הערט זיך עפּעס מכח אונזער פּאַרטיי? מיר האָבן אָרגאַניזירט די „בני עקיבא", און הרב נריה האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף און האָט גערעדט וועגן דער רעוואָלוציע וואָס די כיפה הסרוגה האָט דורכגעפירט. מיר האָבן אויסגערעכנט אַלע אונזערע דערגרייכונגען — און זיי זיינען באמת אימפּאָזאַנט: — כשרות אין דער אַרמיי, רבנות הראשית, גיטין וקידושין, חינוך ממלכתי דתי, בני־עקיבא ישיבות, — און צום סוף זיינען מיר אַרויס מיט עלף מאַנדאַטן. אמת, דעם צוועלפטן מאַנדאַט האָבן מיר פאַרלאָרן צוליב אַ קליינער צאָל שטימען. פרעגט זיך: זאָלן מיר זיין צופרידן, אָדער זאָלן מיר זיך פילן אַנטוישט?

דער ענטפער איז אָפּהײנגיק פון דעם שטאַנדפּונקט, פון וועלכן מיר באַטראַכטן די רעזולטאַטן. אויב מיר זאָלן זיך באַנוצן מיט דעם מוסר־השכל פון „על הארץ מתחת", אַז אין ערדישע זאַכן דאַרף אַ מענטש שטענדיק קוקן אַראָפּ און תמיד געדיינקען, אַז עס האָט געקענט זיין ערגער, דאַן קענען מיר אַרויסווייזן אסך ענטוזיאַזם בנוגע די רעזולטאַטן. מיר האָבן געקענט אַרויסקומען בשן ועין, און ממילא איז די צאָל מאַנדאַטן כמעט ווי אחד עשר כוכביא, עלף שטערן אין ארץ־ישראל'דיקן הימל. אויב, אָבער, מען זאָל צוגיין צו די וואַלן מיט דעם מאַסשטאַב פון „בשמים ממעל", אַז אין גייסטיק־רעליגיעזע ענינים טאָר מען קיינמאָל ניט זיין צופרידן, נאָר מען דאַרף קוקן אַרויף און טראַכטן, אַז עס האָט געקענט זיין בעסער, — דאַן שטעלן מיט זיך די עלף די מאַנדאַטן פאַר די אמת'ע שאלה: „אחד עשר מי יודע?..."

אַלע פרעגן, וואָס איז געשען מיט די רעליגיעזע מאַסן? מען קען געבן צוויי תירוצים אויף דער קשיא. ערשטנס: פשוט, אַזעלכע מאַסן עקסיסטירן ניט. קרוב צו 87 פּראָצענט פון די וויילער זיינען ניט קיין רעליגיעזע אידן, און ווען די פראַגע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן קלאָר און דייטליך „כתבו לכם על קרן השור (הקלפי) שאין לכם חלק בא' ישראל", האָבן אומגעפער 87 פּראָצענט מסכים געווען.

צווייטנס, די רעליגיעזע מאַסן האָבן ניט קיין צוטרוי צו די רעליגיעזע פּאַרטייען. לאָמיר מעיין זיין אַביסל אין די ביידע תשובית.

איר פאַרשטייט דאָך אַלע, אַז דער ערשטער תירוץ איז אַ פאַלשער. ערשטנס, ווילט זיך ניט גלויבן, אַז שארית ישראל יעשו עולה, אַז אַזאַ איבער־ווענגדיקע מערהייט האָט פּשוט איבערגעריסן מיט מסורת אבות. צווייטנס, די צאָלן שטימען ניט. איר זאָגט אַליין, אַז כמעט פערציק פּראָצענט פון די קינדער באַזוכן רעליגיעזע שולעס — ממלכתי־דתי אָדער חינוך עצמאי. די עלטערן וועלכע שיקן פרייוויליק די קינדער אין די שולעס זיינען דאָך ניט קיין פושעי־ישראל, ר"ל, זיי האָבן דאָך יע אַ באַציאונג צום א' ישראל; קיינער צווינגט זיי ניט צו דערציען זייערע קינדער רעליגיעז. וואו זיינען זיי געווען ביום הכסה? וועט איר מיר ענטפערן, אַז אסך פון זיי זיינען פרימיטיוו און אָריענטירן זיך ניט אין פּאָליטישע פּראָבלעמען; אַ מפא"י'ניק טוט זיך אָן אַ יאַרמולקע, טאַנצט מיט אַ ספר־תורה, און די אידן פאַטשן בראַוואָ און גיבן אים זייערע שטימען. ניין, רבותי! דער ארץ־ישראל'דיקער עלעקטאָראַט האָט געשטימט זייער אינטעליגענט בנוגע דער בן־גוריון־אשכול מחלוקת, און די לאָזונגען פון „דוד בן ישי" האָבן ניט געהאָלפן. פאַרוואָס זאָל ער פאַרלירן זיין שכל ווען עס קומט צו דער הבדלה בין קודש לחול?

זאָל מען מיר ניט דערציילן קיין מעשה, אַז שולדיק אין אַלץ זיינען די שטריטיקייטן און קריגערייען צווישן די רעליגיעזע פּאַרטייען גופא, און אַז ווען מען וואָלט געשאַפן אַ „חזית דתית" וואָלט די גאולה געקומען; אַ נעכטיקער טאָג! עס איז אַ פאַקט, אַז אין תל־אביב איז געווען אַ „חזית דתית" צו די מוניציפּאַלע וואַלן און זי האָט געצויגן וויניקער שטימען ווי די דריי פּאַרטייען האָבן אין תל־אביב געקראָגן פאַר זייערע דריי נאַציאָנאַלע ליסטען, וואָס זיינען געגאַנגען באַזונדער. איך וויל דאָ באַמערקן, אַז מען זאָל קיין טעות ניט מאַכן: איך האָב אונטערשטיצט די אידייע פון אַ „חזית דתית" און איך האַלט אַלע אַרגומענטן קעגן אַ „חזית דתית" פאַר ניט ריכטיק. אָבער באַשולדיקן די אָפּוועזנהייט פון אַ „חזית דתית" אין אַלץ, איז ווידער פאַלש.

רבותי: דער אמת'ער תירוץ איז דער צווייטער. דער רעליגיעזער ווילער האָט קיין פּאַרטרויען ניט אין די רעליגיעזע פּאַרטייען, ניט אין דער אגודה, וואָס פסק'נט, אַז „חזית דתית" מיט משה שפּירא און וואַרהאַפטיג און מיט מזרחי־אידן וועלכע לייגן תפילין און טראָגן ציצית, און היטן שבת און לערנען אַ בלאַט גמרא און באַשיצן קדשי ישראל, איז אַן איסור גמור, אָבער דערוויילן דעם פּאָרשטייער פון רפ"י, דער איניציאַטאָר פון גן הפסלים אין ירושלים, אַלס ראש פון דער עיר הקודש, שטימט יאָ מיט דער תורה. דער רעליגיעזער ווילער האָט אויך ניט קיין פּאַרטרויען אין פּא"י, מיט איר חלוצישער אידעאָלאָגיע, און, לדאבוננו הגדול, זיין פּאַרטרויען איז ניט זייער גרויס אפילו אין אונזער באַוועגונג. זיי גלויבן אונז ניט, אַז מיר זיינען די אמת'ע שלוחי דרחמנא, אַז מיר האָבן נאָר איין מטרה אין זינען, נעמליך — הרמת קרן התורה. זיי זיינען אונז חושד אין עגאָאיסטישע כוונות, אין וועלן פּאַרכאַפּן מאַכט און אויסנוצן די רעליגיעזע סענטימענטן פאַר עגאָאיסטישע אינ־טערעסן. דער רעליגיעזער ווילער איז זייער סקעפּטיש בנוגע אונז און האָט קיין אמונה ניט אין אונזער תמימות און אויפריכטיקייט.

פאַרוואָס? עס זיינען דאָ צוויי טעמים. 1. די אומגעהויערע פאַרביסענע פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער רעליגיעזער קהלה אין ארץ־ישראל. גלויבט מיר, אַז באַשטימטע אַרטיקלען וואָלטן געקענט איבערזעצט און פאַרעפנטליכט ווערן אין די נעאָ־נאַצישע גיפט־בלעטלעך. דער אַלטער כלל, אַז „לשון הרע כד לא תיעול מילא כולה, תיעול פלגא", איז ווידער באַשטעטיקט געוואָרן.

אָבער עס איז דאָ נאָך אַ טעם. אויפ'ן פסוק „והנה מלאכי א' עולים ויורדים בו" זאָגט די גמרא אין חולין (צא, ב): „עולים ומסתכלין בדיוקנו של מעלה ויורדים ומסתכלין בדיוקנו של מטה". דאַרויף באַמערקט רש"י: „פּרצוף אדם שבארבע חיות דמות יעקב". מיט אַנדערע ווערטער — אַ איד האָט אַ

דמות־דיוקן למעלה, די אידעאַלע געשטאַלט פון ישראל סבא, ווי ער דאַרף אויסזען, און די רעאַלע געשטאַלט, ווי זי איז למטה, אויף די שטיינער מיט וועלכע זיין וועג איז אויסגעפלאַסטערט. מלאכים ווילן תמיד זען, אויב די דמות דיוקן אין „כסא הכבוד" שטימט מיט דער פערזענליכקייט למטה.

געוויינליך, ביי יעקב אבינו האָבן זיך די מלאכים איבערצייגט, אַז די ערדישע קאָפּיע אַנטשפּרעכט פולקאָם דעם הימלישן אָריגינאַל. בנוגע אַנדערע אידן, אָבער, שטויסן זיך מלאכים גאַנץ אָפט אָן אויף אומגעהויערע סתירות צווישן דעם דמות דיוקן למעלה און דעם דמות דיוקן למטה. וואַרשיינליך האָבן די מלאכים אויך לעצטנס, אין משך פון דער וואַל־אַקציע, פאַרגליכן די דמויות למעלה, די אידעאַלע געשטאַלטן פון אידישע עסקנים וואָס זיינען אויסגעקריצט אין כסא הכבוד, מיט די דמויות למטה, די רעאַלע געשטאַלטן וועלכע זיצן אין כנסת, און האָבן זיך אַנגעשטויסן אויף שווערע קשיות. ווען בלויז מלאכים וואָלטן דאָס געטאָן, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה; מלאכים האָבן דאָך ניט קיין שטים־רעכט אין ארץ ישראל און זיי האָבן ניט קיין פּרעסע. אָבער די צרה איז, אַז דער ארץ־ישראל'דיקער איד, דער ווייַלער, האָט נאָכגעטאָן די מלאכים — אַוועקגעשטעלט אַ לייטער און איז געוואָרן אַן עולה ויורד. ער האָט געקוקט אויף דעם דמות דיוקן פון אידישן רעליגיעזן מנהיג אין „כסא הכבוד", אויף דער אידעאַלער געשטאַלט וואָס זיין פאַנטאַזיע האָט אויסגעשפּינט, און אויף דעם רעאַלן דמות דיוקן וועלכע רעדט פון דער טריבונע פון כנסת, פאַרהאַנדעלט מיט אשכול'ן און מאַכט שלום מיט די אבני המקום, מיט קאַלטע רעאַלע פאַקטן. עס ווייזט אויס, אַז דער פאַרגלייך צווישן דער דמות של מעלה און דער דמות של מטה איז ניט געווען צו אונזער גונסטן. די סתירה איז געווען צו גרויס, דערפאַר האָט ער געשטימט קעגן אונז. וועט איר דאָך פרעגן: און וואָס איז מכח דעם דמות־דיוקן פון אַ מפא"י חבר הכנסת, שטימט דען זייער דמות דיוקן יאָ מיט דעם דיוקן של מעלה? פאַרוואָס האָט דער ווילער, וועלכער איז אַן עולה ויורד אויף דעם סולם, געשטימט פאַר זיי? דער ענטפער איז פשוט: דער רעליגיעזער ווילער האַלט, אַז סעקולערע מנהיגים האָבן גאָרניט קיין דמות דיוקן של מעלה און ממילא האָט ער ניט געהאַט מיט וואָס צו פאַרגלייכן זייער דיוקן של מטה. אין די מעשים פון די ניט רעליגיעזע חברי הכנסת זעט דער ווילער קיין סתירות ניט, בשעת בנוגע בני־תורה, ערליכע אידן, האַלט ער אין איין פאַרגלייכן די צווי דמויות, דעם דמות של מעלה מיט דעם דמות של מטה.

איר וואונדערט זיך? דאָס האָט דאָך געזאָגט די גמרא אין יומא (פ"ו, א): „חילול השם היכי דמי? אמר רב כגון אנא אי שקילנא בישרא מטבחא ולא יהיבנא דמי לאלתר". אַן אַנדערער מעג, מיר טאָרן ניט!

וואָס איז דער חסרון מיט אונזער דמות דיוקן של מטה? פאַרוואָס שטימט ער ניט מיט׳ן דמות דיוקן של מעלה? אין איין זאַך: דער דמות דיוקן של מעלה האַלט אין זיינע אָרעמס אַ ספר, און אויפ׳ן שער־בלאַט שטייט אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות: „זה ספר תולדות אדם — בדמות א׳ ברא אותו זכר ונקבה ברא אותם״. אין אַנדערע ווערטער — אונזער דמות איז געגליכן צו דעם דמות הקב״ה, כביכול, בסיני: אַ זקן ומלמד תינוקות, צו דעם דמות פון אַ רבי׳ן, וועלכער לערנט, וועלכער איז אַ יוצר עולמות, וועלכער איז משפיע, וועלכער בויט בריקן פון אהבה און יראת השם איבער דעם תהום וואָס איז מפריד דעם רעליגיעזן פון דעם ניט־רעליגיעזן אידן, וואָס באַמיט זיך צו דערנענטערן דעם אידן וועלכער האָט זיך ווייט אָנועקגערוקט פון רבש״ע, דורך הרבצת תורה, הרבצת דעת ה׳, און הויפּטזעכליך דורך אַ פאַרצווייגטער חינוך־אַרבעט.

וואָס איז אונזער דמות של מטה? אין וואָס פאַר געשטאַלט דערשיינען מיר צום רעליגיעזן ווילער? צו זיינע איינדרוקן זיינען ריכטיק אָדער פאַלש, איז גאַנץ באַדייטונגסלאָז, וויל וויכטיק איז זיין מיינונג: ער זעט אונז ווי פּאָליטיקער, וועלכע פּאַכן מיט׳ן „סייף״, ווילן מגייר זיין גאַנץ ארץ־ישראל דורך דער כנסת און דורך פאַרשידענע אָפּמאַכן מיט מפא״י, וואָס היינט איז זי מבטיח, אין מאָרגן — אויב די קאַניונקטור וועט זיך בייטן — (און זי האָט זיך שוין געביטן) וועט זי אַנולירן אַלץ וואָס זי האָט צוגעזאָגט. וויבאַלד אַז דער ווילער זעט אונז ניט מיט׳ן „ספר״, נאָר מיט׳ן „סייף״, דערוועקן מיר אין אים פחד און פחד איז גורם צו שנאה.

רבותי, איך וויל איר זאָלט מיר פאַרשטיין. איך בין ניט קיין רעליגיעזער ליבעראַל, און איך ווער ניט נתפעל פאַר׳ן וואָרט „כפיה דתית״. אַמאָל מוז מען זיך מטפל זיין מיט׳ן סייף, מיט פּאָליטיק, אַדמיניסטראַטיווער מאַכט. אפילו בנוגע מלכות שמים זיינען מיר מתפלל „ובכן תן פחדך ה׳ א׳ על כל מעשיך ואימתך על כל מה שבראת״. אָבער במה דברים אמורים, ווען דער פחד איז אַ צייטווייליקער מיטל וואָס פירט צו יראת הכבוד און אהבה, ווי מיר פירן אויס אין דער תפלה: „ויראוך כל המעשים וישתחוו לפניך כל הברואים ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם״. אָבער מען מוז עס טאָן במידה ובמשקל, מיט שכל און טאַקט, און ניט אַריינפאַלן אין היסטעריע, וויל ווען מען איבער־טרייבט, קען דער סייף און פחד פירן פונקט צום קעגנזאַץ, וישנאו אותנו כל המעשים, ויברחו ממנו כל הברואים ויעשו כולם אגודה אחת להתנגד לנו בלבב שלם. דאַן ווערט סייף אַ געפערליכער וואָפן. און, ווי די גמרא אין עבודה זרה (י״ז, ב) זאָגט: אי סייפא לא ספרא ואי ספרא לא סייפא.

איך צווייפל זייער, צו אַלע אונזערע דערגרייכונגען אויפ׳ן לעגיסלאַטיווען געביט וועלן מאריך ימים זיין. שוין איצט האַלט דער „מערך״ ביים קאָנטראָלירן די כנסת (די צען רפ״י זיינען אויך מפא״י שטימען), איך האָף נאָר, אַז מפא״י וועט אַליין ניט ברעכן די עקסיסטירנדיקע אינסטיטוציעס, אָבער זי וועט עס טאָן ניט צוליב מורא פאַר אונז.

בכלל, רבותי, האָט דער פשט פון אונקלוס „רברבין״ איבערגעוועגט אין ארץ־ישראל רש״י׳ס פשט פון „יוצרי עולמות״. מיר זיינען געוואָרן מער פּאָליטישע פּאַרטײַי, ווי אַן אידעאָ׳אָגישע באַוועגונג, מער „רברבין חכמין בין טב לביש״, ווי יוצרי עולמות. מיר זיינען געוואָרן זייער פראַקטיש. די מיניסטער־פּאָרטפעלן פאַרשטעלן דעם ספר. מיר זיינען זייער געשיקט אין פּאָליטישע פאַהאַנדלונגען מיט מפא״י און רפ״י. אין ירושלים גיט מען אַוועק דעם אַמט צום איניציאַטאָר פון „גן הפסלים״, דוקא דעם פאַרשטייער פון רפ״י, כדי צו וויזן אשכול׳ן און זיין מפא״י, אַז טראָץ אַלע נצחונות מחן זיי אָנקומען צו אונזער פּאַרטיי, לכל הפחות אין די פאַרשיידענע שטעט בנוגע דעם אויסוואַל פון מעיאָר. זייער קלוג; באמת — „רברבין, חכמין בין טב לביש״. די „רברבין״ וועלן זיי דאַרפן האַנדלען אַזוי און אַזוי בנוגע דער נאַציאָנאַלער קאָאַליציע אין זייער קאַנדידאַט זאָל אויסגעקליבן ווערן קעגן דעם קאַנדידאַט פון די ליבעראַלן, וועלן זיי דאַרפן האַנדלען אַזוי און אַזוי בנוגע דער נאַציאָנאַלער קאָאַליציע אין כנסת, וכו׳ וכו׳. איך זאָג ניט, אַז מען טאָר ניט שפּילן די ראָלע פון „רברבין״. ח״ו! די תורה האָט שטענדיק געהאַלטן, אַז יחידים און רבים מעגן שטרעבן צו זיין דערפאָלגרייך: „אדם חורש בשעת חרישה, זורע בשעת זריעה וקוצר בשעת קצירה״, און מעג און דאַרף זיך מתעסק זיין אין עניני חולין. אָבער די אַלע היתרים פאַרוואַנדלען ניט אַ חרישת רשות אין אַ חרישת מצוה און יעדער קצירה אין אַ קצירת מצוה. דאָס גאַנצע געביט בלייבט חולין. ממילא דאַרף מען זיך מצמצם זיין אין דעם ווי ווייט מעגליך.

דעריבער נעמען מיר דעם רשות צו בעטן אונזערע חברים אין ישראל, אַז ביסלעכווייז זאָל זיי אַוועקרוקן דעם „סייף״ אין אַ ווינקל און אַרויסשטעלן דעם „ספר״ בפרהסיא; אַז זיי זאָלן מער אויפמערקזאַמקייט געבן צו זייער ראָלע אַלס יוצרי עולמות, ווי צו זייער פּאָזיציע אַלס רברבין, אַז זיי זאָלן שטרעבן צו ווערן די רביים, און ניט די שליטים, פון ישוב.

## ז.

# אלה תולדות יצחק בן אברהם

אויפ׳ן פסוק: „מי מלל לאברהם הניקה בנים שרה כי ילדתי בן לזקוניו״, זאָגט רש״י: „בנים, לשון רבים. ביום המשתה הביאו השרות את בניהן עמהן והניקה אותם שרה. שהיו אומרות: לא ילדה שרה, אלא אסופי הביאה מן השוק״. אין פרשת תולדות, אויפ׳ן פסוק: „אלה תולדות יצחק בן אברהם אברהם הוליד את יצחק״, דערציילט רש״י ווידער: „לפי שהיו ליצני הדור אומרים מאבימלך נתעברה שרה, שהרי כמה שנים שהתה עם אברהם ולא נתעברה הימנו. מה עשה הקב״ה? צר קלסתר פניו של יצחק דומה לאברהם והעידו הכל שאברהם הוליד את יצחק״.

איך האָב קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס רש״י און חז״ל זיינען זיך אַזוי מתעסק מיט בייזוויליקע, גיפטיקע רכילות און לשון הרע, וואָס מענטשן האָבן פאַרשפּרייט וועגן אברהמ׳ען מיט שרה׳ן? עפּעס דער פסוק אַליין, וואָס האָט אַזוי מקצר געווען אין גופי תורה, האָט צוגעלייגט ווערטער כדי אָפּצולייקענען די רכילות. ישנן דברים בגו.

בכלל האָט רש״י ציטירט, אַז אברהמ׳ס קעגנער האָבן זיך באַנוצט מיט צווייערליי לשון הרע׳ס: אין פרשת וירא דערציילט אונז רש״י, אַז זיי האָבן געזאָגט, אַז יצחק איז אַן אסופי, אַן אַדאָפּטירטער קינד, ווייל ניט אברהם און ניט שרה קענען האָבן קינדער, זיי זיינען בידע עקרים און בידע זיינען פאַרדאַמט צו בלייבן ערירים. אין תולדות באַריכטעט רש״י אַן אַנדער רכילות אין נאָמען פון די ליצני הדור (אין וירא האָט ער ניט אָנגערופן די רכילות־טרעגער ליצני הדור; סתם געזאָגט: שהיו אומרים), אַז מאבימלך נתעברה שרה: יצחק איז טאַקע שרה׳ס זון, אָבער אברהם איז ניט זיין פאָטער.

דער אונטערשייד צווישן די בידע רכילות׳ן איז אַ פשוט׳ער: בשעת די ערשטע רכילות, טראָץ דעם, וואָס זי איז געווען פאַלש און בייזוויליק און פול מיט גיפט, איז זי אָבער ניט געווען קיין אבסורד; זי איז געווען לאָגיש אויסגעהאַלטן; אַ ליגן קען אַמאָל זיין לאָגיש קאָרעקט. אברהם איז אַלט, שרה איז אַלט, עס איז קעגן דעם נאַטור־געזעץ, אַז מענטשן אין אַזאַ הויכן עלטער זאָלן האָבן קינדער. שרה אַליין האָט דאָך געלאַכט: „אחרי בלותי היתה לי עדנה ואדוני זקן״. די מענטשן וועלכע האָבן אויסגעטראַכט דעם בלבול האָבן ניט געגלויבט אין ניסים און זיי האָבן געוואָלט אַלץ דערקלערן בדרך הטבע. ממילא, איז די דערקלערונג פון אסופי געווען זייער אַ לאָגישע און אַן אויסגעהאַלטענע. דערפאַר רופט זיי רש״י ניט אָן ליצנים און זאָגט סתם „שהיו אומרים״.

די צווייטע רכילות איז ניט נאָר געווען בייזוויליקע רשעות, נאָר אויך אַבסורדאַל און פול מיט ווידערשפּרוכן, פּשוט׳ער נאָנסענס. אַלע האָבן געוואוסט, אַז באמת איז אברהם פּייאיק געווען צו האָבן קינדער — ער האָט דאָך געהאַט ישמעאל׳ן מיט הגר׳ן; די שולד איז געווען שרה׳ס, ווי עס שטייט אין פּסוק „ותהי שרי עקרה אין לה ולד״. צווייטנס, איז עס שווערער פאַר דער פרוי אין אַ באַשטימטן אַלטער צו האָבן קינדער, ווי פאַר דעם מאַנספּאַרשוין. אויב שרה קען זיין יצחק׳ס מאַמע, קען דאָך אוודאי אברהם זיין יצחק׳ס פאָטער. אַזאַ לשון הרע איז געווען פּשוט׳ע ליצנות און שגעון. דערפאַר רופט רש״י אָן די מענטשן וועלכע האָבן פאַרשפּרייט אַזאַ לשון־הרע ניט נאָר ליגנער, נאָר מענטשן מיט אַ קרומען שכל.

אָט־די צווי רכילות׳ן און לשון־הרע׳ס האָבן אונזערע קעגנער פאַרשפּרייט ניט נאָר בימי אברהם, נאָר אין משך פון אונזער לאַנגער געשיכטע. קעגן דעם אייביקן אברהמ׳ען און אייביקער שרה׳ן אַלס סימבאָלישע געשטאַלטן פון יהדות. וואָס סימבאָליזירט די אברהם־געשטאַלט אין יהדות? די ג־טליכע דיסציפּלין, דעם שטרייגנען שלחן ערוך, די פעסטע הלכות און דינים וועלכע זיינען מחייב דעם מענטשן צו טאָן באַשטימטע פּעולות און זיך צוריקציען פון אונווירדיקע האַנדלונגען. אברהם סימבאָליזירט הלכות שבת, מיט אירע ל״ט מלאכות, הלכות אישות מיט אירע אונבויגזאַמע דינים, הלכות טהרת המשפחה, הלכות מאכלות אסורות, א.א.וו. אברהם שטעלט מיט זיך פאַר די אידייע פון פולקאָמער אונטערטעניקייט און געהאָרכזאַמקייט צום בורא עולם אפילו אין מאָמענטן ווען קיום המצוות קומט אָן זייער שווער און איז פאַרבונדן מיט לידן. אברהם האָט פּראָקלאַמירט די אידייע פון קבלת עול מלכות שמים, אַז ג־ט מאָנט און פאַרלאַנגט פון מענטשן צדק ומשפט און אַז זיין געבאָט איז אַבסאָלוט, פון וועלכן דער מענטש קען זיך ניט באַפרייען „כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה׳ ״ וכו׳.

וועלכע בחינה אין יהדות האָט רעפּרעזענטירט שרה? די גרויסע אהבה פון אידן צום בורא עולם, און דעם גרויסן גליק וואָס אַ איד געפינט אין זיין דערנענטערן זיך צום בורא עולם. יהדות איז ניט נאָר אַ שטרייגנע דיסציפּלין, נאָר אויך אַ שיר השירים פון „אני לדודי ודודי לי״. יהדות דריקט זיך אויס ניט נאָר דורך פּעולות, נאָר אויך דורך איבערלעבונגען. יהדות באַשטייט ניט נאָר פון טאָרן און ניט טאָרן, פון חייב און פּטור, פון טמא וטהור, מותר ואסור, נאָר אויך פון פראַכטפולע צאַרטע רגשות, טיפע מחשבות, געגועים און אייביקן שטרעבן. זי באַשטייט פון גייסטיקע ווערטן און באַצויבערנדיקע וויזיעס. יהדות מאַניפעסטירט זיך ניט נאָר דורך עבודת הגוף, נאָר אויך דורך עבודה שבלב, דורך חסד און תפארת, נצח און הוד, דורך קדושה ומלכות.

געוועז צייטן ווען אונזערע קעגנער האָבן ניט געוואָלט וויסן ניט פון אברהמ׳ען און ניט פון שרה׳ן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די סעקולערע וועלט קען זיך ניט אונטערוואַרפן ניט דער ג־ט׳ליכער דיסציפלין פון אברהמ׳ען און קען אויך ניט געניסן די פראַכט פון אַ רעליגיעזער איבערלעבונג פון שרה׳ן. זיי האָבן גע׳טענה׳ט, אַז „אסופי הביאו להם מן השוק״, אַז סיי אברהם און סיי שרה וועלן בלייבן קינדערלאָז, ווייל אין מאָדערנעם לעבן האָט ניט אברהמ׳ס שלחן ערוך און ניט שרה׳ס עבודה שבלב אַ פּלאַץ. דער יונגער דור איז ניט זייער קינד, טראָץ דעם משתה גדול, דער גרויסער מאָלצייט, וואָס אברהם פראַוועט פאַר יצחק׳ן. סיי אברהם און סיי שרה נאַרן זיך אויב זיי מיינען, אַז זיי וועלן עפּעס איבערגעבן יצחק׳ן. אַזוי האָבן גע׳טענה׳ט די העלעניסטן אין בית שני, אַזוי האָבן גע׳טענה׳ט די אידישע גנאָסטיקער שפּעטער, אַזוי האָבן גע׳טענה׳ט אידישע סאָציאַליסטן ביים אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט. זיי האָבן אַלץ אָפּגעוואָרפן — אַלץ געוואָלט אויסמעקן און אַלץ פאַרגעסן.

אָבער צייטן האָבן זיך געענדערט. דער מאָדערנער מענטש, טראָץ זיינע גרויסע טעכנאָלאָגישע נצחונות, פילט זיך איינזאַם. ער ליידט פון לייטגווייל און פון אַ געפיל פון פרוסטראַציע און דעפּיטיזם. ער הויבט אָן צו אָנען, אַז אָן רבש״ע בלייבט זיין לעבן גרוי, צוועקלאָז און אינהאַלטלאָז און ער הויבט אָן צו זוכן אַ וועג וואָס זאָל אים ברענגען צוריק צום אדון עולמים. דער מאָדערנער סעקולערער איד מאַכט אויך דורך אָט דעם קריזיס און ליידט אויך פון נאָסטאַלגיע און געגועים צום א׳ ישראל. אָבער ווי וויל ער קומען צוריק צום א׳ ישראל? וויל ער איבערנעמען די ירושה סיי פון אברהמ׳ען און סיי פון שרה׳ן? וויל ער זיך אונטערוואַרפן דעם רצון השם און געפינען גליק אין זיין התקרבות צום אים? איז ער גרייט פאַר אַזעלכע הרהורי־תשובה, אָדער ער וויל זיך קליגלען און געניסן דאָס שיינע און וואונדערבאַרע וואָס יהדות קען געבן דעם מענטשן, און דערביי ניט אַקצעפּטירן די הלכה׳שע דיסציפלין פון מותר און אסור? מיר דוכט זיך, אַז אסך ווילן באַנוצן אָט־די מעטאָדע, ווילן זיך אָפּזאָגן פון אברהם אַלס פאָטער, ווייל אברהם פאַרלאַנגט שטרייגע געהאָרכזאַמקייט און אָפּפערוויליגקייט, אָבער קלאַמערן זיך צו שרה׳ן אַלס מוטער, ווייל זי רעפּרע־זענטירט דאָס צאַרטע, סענטימענטאַלע, גייסטיק־דערהויבענע, אינטימע און זינפולע אין יהדות. זיי זיינען גרייט צו האָבן עלית הנפש, פילן די נשמה יתירה אום שבת, און דערביי ניט אויספאָלגן די הלכות שבת פון ל״ט מלאכות. זיי ווילן אַריינפירן די פייערליכקייט, די התלהבות און די פראַכט פון מצוות, אָבער זיינען ניט מוכן ומזומן אויסצופאָלגן די דינים, חוקים ומשפטים. זיי טענה׳ן „מאבימלך נתעברה שרה״, יהדות אַלס אַ סיסטעם פון גייסטיקע ווערטן, פון

סוביעקטיווע איבערלעבענישן, פון פראַכטפולע ימים טובים, פון גוטסקייט, גערעכטיקייט, איז נויטיק פאַר'ן מאָדערנעם אידן, אָבער די אַזוי־גערופענע, „ריטועלע" יהדות, פון איסור גרושה לכהן, איסור הבערה בשבת, איסור בשר בחלב, א. ד. ג. פּאַסן ניט אַריין אין די ראַמען פון אַ וויסנשאַפטליך — אָריענטירטער און טעכנאָלאָגיש — אַנטוויקלטער געזעלשאַפט. זיי וואַרפן אָפּ אברהמ'ען, אָבער ווילן זיך פאַרבינדן מיט שרה'ן. די שטימען פון די ליצני הדור הערן זיך גאַנץ אָפט אין א"י און אויך דאָ, אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיי זיינען ליצני הדור, ווייל די גאַנצע שיטה איז ליצנות. די אידישע נשמה מוז שטיין נאָענט סיי צו אברהמ'ן און סיי צו שרה'ן. זי מוז פאָלגן, און אין פאָלגן געפינען גליק. זי מוז זיך מכניע זיין צו אַ שטרייכגער דיסציפּלין און אין דער הכנעה געפינען זעלבסט־באַרעכטיקונג און זעלבסט־פאַרווירקליכונג. אוודאי איז דאָ אין יהדות אסך יופי, אסך האַרציקייט, אסך גדלות און עמקות. אָבער קודם־כל באַשטייט יהדות פון אַ דרך החיים, פון זעלבסט־קאָנטראָל און זעלבסט־דיסציפּלין. אָדער מען איז מודה איןביידן — סיי אין אברהמ'ן אַלס פאָטער און סיי אין שרה'ן אַלס מוטער, אָדער, ר"ל, מען לייקנט אָפּ ביידן, און אַזאַ שריט פירט צו דער פאָלקאָמענער נידערלאַגע פון מענטשן אַלס אַ גייסטיקע באַשעפעניש. אָפּשיידן אברהם פון שרה איז אַן אבסורד, און איז פשוט'ע ליצנות.

אין אונזער ספר, וועלכן מיר ווילן איבערגעבן דעם כלל ישראל, שטייט אויך אַ דריטער פסוק „ואת הנפש אשר עשו בחרן". אַ גאַנצע יהדות פון דיסציפּלין און ראָמאַנטיק, פון יראה און אהבה, פון הכנעה און שמחה, פון אברהם און שרה.

# ויחלום יוסף חלום ויגד לאחיו

## א.

### א־לקי הארץ

מען קען ניט קונה זיין ארץ־ישראל, כל זמן מען דערוועדבט ניט — צוזאַמען מיטן לאַנד — נאָך עפּעס, זייער וויכטיקעס. דער קנין אין ארץ־ישראל איז חל ניט נאָר אויפן פיזישן באָדן, נאָר אויף עפּעס מער. וואָס איז עס? וואָס ווערט איינגעשלאָסן אין קנין־הארץ? דער א־לקי הארץ. (דער רמב״ן אין חומש טייטשט „א־לקי הארץ״ — דער ג־ט פון ארץ־ישראל).

יהדות האָט געהאַט אַ מערקווירדיקע השקפה אויף דער פאַרהעלטעניש צווישן דעם רבש״ע און דעם מענטשן. ניט נאָר געהערט דער מענטש צום בורא עולם — „הנשמה לך והגוף פעלך; הנשמה לך והגוף שלך״; ניט נאָר איז דער מענטש קנינו של הקב״ה — „לה׳ הארץ ומלואה; תבל ויושבי בה״ — נאָר דער רבש״ע געהערט אויך צום מענטשן און ער איז, כביכול, קנינו של האדם.

איז עס אַ נייעס? ניין!

די תורה דערציילט אונדז: „בצר לך ומצאוך כל הדברים האלה — ובקשת משם את ה׳ א־לקיך ומצאת״. אַ איד געפינט דעם רבש״ע אויפן זעלבן אופן ווי ער געפינט אַ מציאה, און איז זוכה אין איר. דער רבש״ע, כביכול, איז אסך מאָל אַן אבדה שאין מי שיחזור אחריה, אַן אבדה נאָך יאוש בעלים. דער מאָדערנער מענטש זוכט אים ניט און וויל פון אים ניט וויסן. כרושטשעוו און מאַאָ־טצע־טונג, אין זייער טעמפּער אַראָגאַנץ און ברוטאַליטעט, האָבן זיך לאַנג מייאש געווען פון דעם בורא עולם. דער מערב־מענטש מיט זיין ליבעראַליזם און סאפּיסטיש־דעקאדענטער איינשטעלונג גיט אַ קרעכץ און מורמלט: ווי לחסרון כיס! אוודאי איז אמונה גוט, און גליקלעך איז דער מאמין, אָבער וואָס קען איך טאָן, אויב מיר פעלט די אמונה.

אפילו דער אזוי־גערופענער רעליגיעזער־מענטש, וועלכער באַטייליקט זיך אַלע וואָך אין אַ „גאָטעס־דינסט״, טוט עס אָפטמאָל מעכאַניש, און דער ג־ט־זוכערישער דראַנג בלייבט אים פרעמד. בדרך־כלל קען די פאַרהעלטע־ניש פון מאָדערנעם מענטש צום בורא־עולם כאַראַקטעריזירט ווערן אַלס אַ יאוש׳דיק־סקעפּטישע. ממילא, איז מעגלעך פאַר דעם אמת׳ן ג־ט־זוכער, וועלכער האָט מזל און געפינט די „אבדה״ לאחר יאוש בעלים, צו זוכה זיין אין איר.

ווען די תורה זאָגט: „ומצאת״, מיינט זי וקנית, וזכית. מציאה איז אָפטמאָל על־פי הלכה אידענטיש מיט קנין. ווען אַ איד הויבט אָן שטילער־הייט זאָגן שמונה־עשרה, ווענדעט ער זיך צום רבש״ע אַלס א־לקי אברהם, א׳ יצחק וא׳ יעקב. דורך די זעקס מערקווירדיקע ווערטער דריקט זיך אויס אַ דאָפּלטער געדאַנק. ערשטנס, די אבות געהערן צום רבש״ע (אברהם ווערט גערעכנט אַלס איינער פון די פינף קנינים פון הקב״ה); צווייטנס, דער רבש״ע, כביכול, געהערט צו די אבות; זיי האָבן אים געזוכט, בשעת די אַרומיקע וועלט האָט געלאַכט פון זיי און פון זייער אומפאַרשטענדלעכן כסדר׳דיקן זוכן. דורכ׳ן זוכן און געפינען אים, האָבן זיי אים קונה געווען. זיי האָבן דערוואָרבן דעם אין־סוף, און ער איז זייער קנין.

די מיסטעריעזע באַציאונג פון ג־ט און מענטש, פון אַ־לקי ישראל און כנסת־ישראל, קומט צום אויסדרוק אין דעם וווּנדערבאַרן מאמר חז״ל אין ברכות, דף ו, ע״ב: „הני תפלין דמרי עלמא — מה כתיב בהו? ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ״. מיר, אין אונדזערע תפלין, פּראָקלאַמירן די אָנגעהעריקייט פון אידן צום רבש״ע — שמע, והיה אם שמוע וכו׳ — און אין די תפלין פון דעם אין־סוף, כביכול, ווערט אויסגעדריקט דער קנין וואָס מיר האָבן אין אים — „אני לדודי ודודי לי״.

ווי אזוי איז מען זוכה אין רבש״ע? וואָס פאַר אַ קנין איז גילטיג בנוגע דעם קונה הכל? הגבהה? ח״ו. ד׳ אמות? ניין; דורך די קנינים איז מען קונה אַ קב שומשמין, פירות מפוזרים, עגולי דבלה, תמרי דזיקא, א.א.וו., אָבער ניט דעם נצח ישראל. אין וואָס באַשטייט דער קנין אין נצח־ישראל? די תורה האָט אונדז מגלה געווען דעם אופן פון דעם קנין אין רבש״ע: „ובקשת — כי תדרשנו בכל לבבך ובכל נפשך״. דורך איין האַנדלונג קען אַ איד זוכה זיין אין רבש״ע — דורך בקשה און דרישה בכל לבבו ובכל נפשו. מיר ווייסן דאָך אַלע ווי רבי עקיבא האָט גע׳דרש׳נט דעם „בכל נפשך — אפילו נוטל את נפשך״. דעם רבש״ע קען מען קונה זיין בדמים — מיט יסורים, מיט מסירת־נפש׳דיקער עקשנות — „ובכל זאת אנו ל־י׳ ועינינו ל־י׳״. מיט איין וואָרט: דעם רבש״ע דערווערבט מען דורך הקרבת קרבן.

(דאָס קונה זיין דורך יסורים איז אויך חל אויף באַציאונגען בין אדם לחברו. למשל, דער קנין־פאַרהעלטעניש צווישן עלטערן און קינדער איז באַזירט הויפּטזעכלעך אויף צער גידול בנים. וואָס מער מען לײדט פון אַ קינד, אַלץ מער פאַרטיפט ווערט אונדזער ליבע צו אים. „הבן יקיר לי אפרים, אם ילד שעשועים״ — אפרים איז מיר טייער, ער איז מיין ילד שעשועים, „כי מדי דברי בו זכור אזכרנו עוד״ — ווייל ווען נאָר איך רייד ארויס זיין נאָמען, דערמאָן איך מיך די ליידן וואָס ער האָט מיר פאַרשאַפט; איך געדענק קלאָר די גרויסע זאָרג און אונגעהויערע דאגות וואָס האָבן מיר קיין רו ניט געגעבן און די האָפנונגען וואָס איך האָב געלייגט אויף אים. „על כן המו מעי לו; רחם ארחמנו, נאום ה׳״, דערפאַר איז ער מיר טייערער ווי אַנדערע קינדער).

## ב.
## שדה מקנה און אחוזת קבר

בשעת דער רבש״ע האָט געגעבן אברהמ׳ען ארץ־ישראל, האָט ער אים געהייסן מאַכן אַ קנין אין לאַנד, פונקט ווי אַלע אַנדערע וועלכע קויפן קרקע אָדער זיינען מקבל מתנת קרקע דאַרפן טאָן. מיר האָבן אַלע געלערנט נזיקין און ספּעציעל מס׳ בבא בתרא, און מיר ווייסן וואָס קניני קרקע זיינען — „קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה״. די גמרא אין בבא בתרא, דף ק׳, שטעלט פעסט, אז דער הלוך איז באַטראַכט געוואָרן דורכן רבש״ע אַלס קנין חזקה. „הלך בה לארכה ולרחבה״ — קנה וכו׳ דכתיב ׳קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה׳ וכו׳ ורבנן? התם משום חביבותא״. (פון רשב״ם ווייזט אויס, אַז אפילו די רבנן האַלטן, אַז דער הלוך ביי אברהמ׳ען איז געווען אַ קנין און אַז די מחלוקת איז נאָר בנוגע אַנדערע זכיות קרקע). אברהם, אָבער, האָט פאַרשטאַנען דעם רבש״ע׳ס רייד סיי אין דעם פשוט׳ן זין פון קנין חזקה, וואָס איז אַ ריין־פאָרמעלע האַנדלונג, ווי כסף, אָדער שטר, און באַשטייט אין דער סימבאָלישקייט פון איבערנעמען עפּעס, סיי אין אַ העכערן זין. אברהם האָט געהאַלטן, אַז פאַר ארץ־ישראל, פאַר דער ארץ־הנצח, ארץ־הקודש, זיינען פאָרמעלע קנינים ניט גענונג, ווייל זיי זיינען נאָר פון צייטווייליקער גילטיקייט, „והארץ לא תמכר לצמיתות כי לי הארץ״. כדי צו זוכה זיין אין ארץ־ישראל, מוז מען מאַכן אַן אַנדער קנין, וואָס איז חל ניט נאָר אויף אדמת הארץ, נאָר אויך אויפן א־לקי הארץ, און דער קנין איז אַ קנין דורך יסורים, וועלכן ניט קיין יובל און ניט קיין

אַנדערע פּאַקטאָרן און כוחות קענען מבטל זיין, און וועלכער איז, אין קאָנטראַסט צו די פּאָרמעל־הלכה׳שע קנינים, אַ קנין לצמיתות.

פון זיין ערשטן ארויפטרעטן אויף דעם באָדן פון ארץ־ישראל ביז דער גרויסער און דערהויבענער דראַמע פון דער עקדה, האָט ער געהאַלטן אין איין איבער׳חזר׳ן די האַנדלונג וואָס האָט אים פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, פאַרבונדן אויף אייביק. „ויבן שם מזבח לה׳ הנראה אליו״. וואָלט אברהם אבינו זיך באַנוגנט מיט דעם פּאָרמעלן, טאָג־טעגלעכן קנין הסוחרים, — חזקה, — וואָלט ארץ־ישראל ניט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער אייביקער נחלה פון כנסת־ישראל. נאָר דורכן בויען פון אַ מזבח, דורכן גראָבן פון אַ קבר, האָט ער דערוואָרבן ארץ־ישראל לדור־דור.

„וישקול אברהם לעפרון את הכסף״. בשעת אברהם האָט בלויז געמאַכט אַ פּאָרמעל־הלכה׳שן קנין־כסף, האָט ער קונה געווען די שדה נאָר פּאָרמעל, אויבנאויף. „ויקם שדה עפרון אשר במכפלה — לאבהם למקנה לעיני בני חת״. יורידיש האָט די שדה געהערט אברהמ׳ען, אָבער זי איז מער ניט געווען ווי אַ שדה־מקנה: היינט — אברהמ׳ס, מאָרגן — אַן אַנדערנ׳ס, ווען אברהם וועט פאַרקויפן, אויב יענער וועט באַצאָלן אַ העכערן פּרייז, אָדער וועט צונעמען די שדה פון אברהמ׳ען, אָן זיין הסכם, ווייל ער וועט פאַרמאָגן מער כח פון אברהמ׳ען. אָבער ווען אברהם האָט אַ קבר געגראָבן און זיין ליבע שרה׳ן מקבר געווען — די שרה׳ן, וועלכע האָט זיך מקריב געווען פונקט ווי ער און אפשר מער פון אים; די שרה, וועלכע האָט אויך מזבחות געבויט, — איז די שדה פּלוצלונג דערהויבן געוואָרן פון אַ פּשוט׳ער שדה־מקנה צו אַ שדה־אחוזה, נחלת־אבות, וואָס קיין מאַכט קען ניט אַוועקנעמען אָדער אַוועק־גזל׳ענען. „ואחר כן קבר אברהם את שרה אשתו אל מערת שדה המכפלה וכו׳ ויקם השדה והמערה אשר בו לאברהם לאחוזת קבר מאת בני חת״. פריער, ווען דער קנין איז באַשטאַנען נאָר אין כסף, דריקט זיך אויס די תורה, אַז אברהם האָט געמאַכט דעם קנין „לעיני בני חת״, אין זייער אָנ־וועזנהייט. נאָך שרה׳ס קבורה, אָבער, ווען די שדה איז געוואָרן אחוזה, באַנוצט די תורה דעם אויסדרוק: „לאחוזת קבר מאת בני חת״. עס ווייזט אויס, אַז ערשט דורך דער קבורה איז די שדה אינגאַנצן אַוועקגענומען געוואָרן פון די בני חת.

## ג.

# אַלע בויען מזבחות

מורי ורבותי:

די גאַנצע שיבת־ציון באַוועגונג, ניט נאָר דער מזרחי, האָט דערוואָרבן ארץ־ישראל, אויפגעשטעלט אירע חורבות און זוכה געווען צו אַ זעלבסט־שטענדיקער מדינה דורך צוויי קנינים: 1) דורך חזקה, ווי דער פסוק שטעלט פעסט: „קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה כי לך אתננה ולזרעך". מען האָט אָפּגעקויפט הונדערטער טויזנטער דונאַם ערד, מען האָט געפלאַנצטביימער, מען האָט פאַרוואַנדלט זומפּן און זאַמדיקע געגנטן אין בליענדיקע ישובים; מען האָט געבויט הייזער, געגרינדעט שטעט, מען האָט אַנטוויקלט אינדוסט־ריען, מען האָט געפלאַסטערט וועגן וכו' וכו'. 2) עס ווייזט אָבער אויס, אַז אַפילו דער סעקולערער איד, דער חבר אין אַ ניט־רעליגיעזער באַוועגונג, מוז מאַכן אַ קנין און זוכה זיין ניט נאָר אין ארץ־ישראל, נאָר אויך אין א־לקי ישראל. אַפילו בשעת אָט־דער סקעפּטיש־אַגנאָסטישער און וואָכעדיקער איד איז אָפיציעל אַ כופר און באמיט זיך אויסצוטייטשן די אידיש־געשיכט־לעכע דראַמע אין אויבערפלעכלעכע, ראַציאָנאַליסטישע קאַטעגאָריעס, איז ער געצוווּנגען צו טאָן אַ מעשה־קנין אין א־לקי ישראל, צו בויען אַ מזבח אויף די בערג פון ישראל און ברענגען אַ קרבן אויף דעם מזבח. מיט'ן פלאַנצן אַ בוים אין די הרי יהודה, פאַרפלאַנצט ער זיך אליין אין דער אייביקייט; מיט'ן באַוואַסערן אַ פּרדס אין עמק, טריפט אפילו אויף דעם ניט־מאמין דער טל־אורות פון נצח־ישראל, פון בורא־עולם (אין וועלכע ער איז כלומרשט ניט פאראינטערעסירט).

ווי מיר האָבן באַטאָנט פריער, דעם קנין אין בורא עולם קען מען נאָר דערגרייכן דורך בויען אַ מזבח, דורך „ובקשת וכו' כי תדרשנו בכל לבבך ובכל נפשך". און דעם קנין מאַכן אַלע: דער פרומער — מדעת, דער סעקולערער איד — שלא מדעת. מיר, רעליגיעזע אידן, גלויבן, אַז אַ איד זוכט שטענדיק דעם בורא־עולם, באונס וברצון, בשוגג ובכוונה. ער זוכט אים אפילו ווען ער שרייט און ער ליארמירט, אַז ער דאַרף אים ניט האָבן. געוויינלעך, גליקלעך איז דער איד, וועלכער ווייס וואָס ער זוכט און נאָך וועמען ער בענקט. איך האָב שטענדיק רחמנות אויף די, וועלכע ווערן געטריבן פון אַ סטיכישער קראַפט צום בורא־עולם און באַמיען זיך צו אונטערדריקן די געגועים. די עקשנות'דיקע כפירה אין בורא עולם, טראָץ דעם מענטשנ'ס אינסטינקטיוון שטרעבן צו אים, איז גורם אַסך גייסטיק־עמאָציאָ־

נעלע צערודערונג, בלבול המוחות והלבבות. אָבער דאָס אַלץ קען ניט ענדערן דעם פאַקט, אַז וואָס העכער דעם ספעקולערער איד שרייט, אַז ער האָט קיין שייכות ניט מיט קדושה, אַלץ קלאָרער פילט ער, אַז ער איז מעיד עדות שקר אויף זיך אַליין.

דערפאַר האָבן אַלע פאַרטייען, פון מזרחי־הפועל המזרחי בין מפא״י און מפ״ם, געבויט מזבחות, אויף וועלכע אַלע האָבן געבראַכט קרבנות (און אַ אידישער קרבן איז שטענדיק מקובל לרצון, אפילו ווען דער מקריב איז ניט מכוון לשם שמים). אפילו אין די פריערדיקע יאָרן, פאַר די אַראַבישע פאָגראָמען און פאַר דער מלחמת־השיחרור, ווען די שומרים זיינען געגאַנגען אויף שמירה באנאבט, ווען אַ פאַררעטערישע קויל פון אַן אַראַבער האָט אַוועקגענומען ניט איין בליענדיק לעבן, אָדער ווען די מאַלאַריע האָט אַוועקגערויבט יונגע נשמות, האָבן אַלע בוני־הארץ געבויט מזבחות. מיט די פאָגראָמען אין תל־חי און אין יפו אין 1921, און אין חברון און אַנדערע ישובים אין 1929; מיט די יאָרן פון הבלגה, אין די 30־ער, ווען אידיש בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון ארץ־ישראל, ווען די אַראַבישע קויל און דער אַראַבישער מעסער האָבן ניט מבחין געווען צווישן די חברון׳ער ישיבה־בחורים און די חברים פון די לינקע קבוצים, פונקט ווי די היטלער־קרעמאַטאָריעס האָבן ניט מבדיל געווען צווישן חסידים און בונדיסטן, — האָט זיך די צאָל מזבחות פאַרמערט. ועל כולם מיט דער מלחמת־השיחרור, אין וועלכע די ארץ־ישראל יוגנט האָט ארויסגעוויזן איבער־מענטשלעכע גבורה און מסירת־נפש, בשעת קברים, אין וועלכע עס רוען יונגע אינגלעך און מיידלעך, געפאַלענע אין די שלאַכטן, זיינען אויסגעוואַקסן איבער דעם גאַנצן שטח פון לאַנד, — האָט דער ישוב אַלס גאַנצער אויפ־געבויט דעם גרויסן מזבח, וואָס האָט נאָכאַמאָל איבערגע׳חזר׳ט דעם אַלטן קנין פון אברהמ׳ען אין ארץ־ישראל און א־לקי ישראל.

יאָ, רבותי: אפילו דער ספעקולערער ישוב החדש האָט דורכגעפירט דעם צווייטן קנין הארץ לצמיתות הערצאיש, און האָט אינדירעקט און אומ־באַוווסטזיניג זוכה געווען ניט נאָר אין ארץ־ישראל, נאָר אין א־לקי ישראל.

דערפאַר, גלויבן מיר, וועט קיין שונא ניט זיין בכח צו צעשטערן דעם צווייטן קנין — פון מזבחות און קרבנות — און ארץ־ישראל וועט בלייבן אונדזערע לעולמי עד. דער פסוק „ואחר כך קבר אברהם את שרה אשתו״, איז ליידער פאַרווירקלעכט געוואָרן אין ארץ־ישראל, ממילא איז דאָס לאַנד ניט אַ שדה־מקנה, נאָר אַ שדה־אחוזה, וואָס קיינער וועט נישט קענען דעראָבערן.

ד.

## פיר מזבחות

אברהם האָט געבויט פיר מזבחות. וועגן דריי דערציילט אונדז די תורה אין לך לך: א) גלייך אין אָנפאַנג פון דער סדרה: „ויקח אברהם את שרה אשתו — וילכו ללכת ארצה כנען ויבאו ארצה כנען — וירא ה׳ אל אברהם ויאמר לזרעך אתן את הארץ הזאת ויבן שם מזבח לה׳ הנראה אליו״; ב) ויעתק משם ההרה מקדם לבית א־ל ויט שם אהלה בית א־ל — ויבן שם מזבח לה׳ ויקרא בשם ה׳״; ג) „וה׳ אמר אל אברהם אחרי הפרד לוט מאתו — קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה כי לך אתננה. ויאהל אברהם ויבא וישב באלוני ממרא אשר בחברון ויבן שם מזבח לה׳״. וועגן פערטן מזבח דערציילט אונדז די פרשת עקדה: „ויבואו אל המקום אשר אמר לו הא־לקים ויבן שם אברהם את המזבח ויערוך את העצים ויעקוד את יצחק בנו״ וכו׳.

דער מזבח וואָס איז פאַרבונדן מיט „התהלך בארץ לארכה ולרחבה״, „ויבן שם מזבח לה׳״, ווי איך האָב שוין באַטאָנט, געהערט ניט אונדז אַליין. אַלע אידן, וועלכע האָבן זיך מתעסק געווען אין בנין הארץ, האָבן אים געבויט. אָבער אונדזער באַוועגונג האָט חוץ דעם מזבח, אין וועלכן זי האָט אויך אַ גרויסן חלק — „טירת צבי״, „כפר עציון״ יוכיחו — אויך געבויט, ווי אברהם בשעתו, נאָך דריי מזבחות, אין וועלכע די סעקולערע שיבת־ציון באַוועגונג האָט זיך נישט משתתף געווען. אָט־די דריי מזבחות האָבן געקענט בויען נאָר רעליגיעזע אידן, ווייל זיי סימבאָליזירן די ספּעציפיש־אייגנאַרטיקע קרבנות, וואָס מיר האָבן געבראַכט און ברענגען נאָך איצט. דערפאַר איז אונדזער קנין אין ארץ־ישראל און אונדזער צוגעבונדנקייט צו איר פיל שטאַרקער ווי דער קנין, וואָס פאַרבינדט די סעקולערע שיבת־ציון מיטן לאַנד.

(מיר דערקלערן דאָ עפּענטלעך, אַז מיר וועלן פון אונדזערע פּאָזיציעס ניט אָפּטרעטן, אַפילו ווען מען גרייפט אונדז אָן פון רעכטס און פון לינקס. מיר וועלן פאָרזעצן אונדזער אַרבעט. געגנערשאַפט וועט נאָר באַפעסטיקן אונדזער אַנטשלאָסנקייט אָנצוגיין מיט אונדזער שיטה. מיר האָבן געבויט ניט איין מזבח, נאָר פיל מזבחות. מיר האַלטן זיך ביי דער שיטה פון רבי עקיבא, וועלכער האָט גע׳דרש׳נט על כל קוץ וקוץ תילי תילים של הלכות — יעדער דאָרן, יעדע שטערונג, יעדע אָפּאָזיציע, יעדער ווידערשטאַנד וועט פאַרהאַרטעווען אונדזער רצון און סטימולירן אונדזער שעפערישקייט, אַזוי אַז פון יעדן קוץ וועלן להכעיס אויסוואַקסן תילי תילים של הלכות).

לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף די דריי ספּעציפישע מזבחות, וואָס מיר האָבן געבויט. חז״ל זאָגן, אַז איינער פון די מזבחות איז געבויט געוואָרן על בשורת הארץ: „וירא ה׳ אליו ויאמר לזרעך אתן את הארץ הזאת ויבן שם מזבח לה׳ הנראה אליו״. דאָס איז געווען דער ערשטער מזבח, וואָס אברהם האָס אויפגעשטעלט נאָך איידער ער האָט קונה געווען ארץ־ישראל דורך פאַרווירקלעכן דעם צווי „קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה״. וואָס פאַר אַ קרבן האָט אברהם מקריב געווען על בשורת הארץ? פּשוט: דעם גרויסן קרבן פון לך־לך, פון אוועקגיין ממולדתך ומבית אביך, איבעררייסן מיט משפחה, מיט פריינט, מיט חברים, מיט באַקאַנטע, און ארויסלאָזן זיך אין דער פרעמדער וועלט זוכן אַ לאַנד, וועמענס נאָמען ער האָט אפילו ניט געוווסט — „אל הארץ אשר אראך״. בדידות איז איינע פון די טראַגישסטע איבערלעבונגען, וואָס צוברעכן אַ מענטשן. אָבער בדידות מיינט ניט בלויז זיין אליין; איינער קען זיין אליין און ניט זיין אַ בודד, און איינער קען זיך געפינען אויף אַ חתונה, מיט הונדערטער מענטשן, און זיך פילן איינזאַם און פאַרלאָזן. בדידות מיינט ווען מען פאַרלירט קאָנטאַקט מיט דער וועלט אין וועלכער מען איז דערצויגן געוואָרן און פאַרבראַכט די קינדער־יאָרן, איינגעזאַפּט די ערשטע איינדרוקן און געמאַכט די ערשטע אָבסערוואַציעס. אברהם האָט אַלץ מקריב געווען און איז געוואָרן דער גרעסטער בודד אין דער וועלט־געשיכטע. דאָס איז געווען דער ערשטער מזבח, וואָס אברהם האָבן געבויט. אָט אַזאַ מזבח האָבן מיר אויך אויפגעשטעלט און מיר האָבן מקריב געווען גרויסע קרבנות אויף אים, אויף דעם מזבח על בשורת הארץ.

## ה.
## יוסף און זיינע ברידער

בשעת אין תרס״ב איז געגרינדעט געוואָרן דער מזרחי, האָבן די גרינדער פון אונדזער באַוועגונג מקיים געווען דעם „לך־לך מארצך ממולדתך ומבית אביך״, ווייל ווער עס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין מזרחי איז כמעט אויסגעשלאָסן געוואָרן פון זיין גייסטיקער מולדת און בית אב.

מיר זיינען געווען בודדים, פּונקט ווי יוסף, דער בעל־החלומות, איז געווען איינזאַם צווישן זיינע ברידער, וועלכע האָבן אים אויסגעלאַכט. אויך אונדז האָבן די ברידער חושד געווען אין אַסך עבירות און געקוקט אויף אונדז פונדערווייטנס. זיי האָבן זיך באַצויגן צו אונדז אויפן זעלבן אופן, ווי יוסף׳ס ברידער האָבן באַהאַנדלט יוסף׳ן. „ויראו אותו מרחוק ובטרם יקרב אליהם״.

לאָמיר פעסטשטעלן, אַז זיין דערוויטערט פון די שבטי י״ה, פון לוי'ן, פון די גדולי־הדור, די מורי הוראה בישראל — „יורו משפטיך ליעקב ותורתך לישראל״; פון יהודה'ן — די מנהיגי הדור, וואָס זיינען געווען די אמת'ע פרנסים, וועלכע האָבן געזאָרגט פאַר די צרכי העדה און זייער וואָרט איז געווען אנטשיידנדיק אין אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגן — „לא יסור שבט מיהודה ומחוקק מבין רגליו עד כי יבוא שילה״; פון בנימינ'ען, די חסידי הדור, וועלכע האָבן געלעבט אין די ד' אמות של הלכה בקדושה ובטהרה, צו וועמען אידן פלעגן פאָרן נאָך אַ ברכה — „ידיד ה' ישכון לבטח עליו חופף עליו כל היום ובין כתפיו שכן״, — איז ניט געווען קיין אָנגענעמע דערפאַרונג. סוף־כל־סוף האָט דאָך יוסף אליין אויך געהאַט גדלות אין תורה, הנהגה און חסידות, און דער תהום, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן אים און די ברידער, האָט אים פאַרשאַפט אסך צער. צו זיין אָפּגעזונדערט פון זיינע גרויסע ברידער, אין דער בחינה פון „פרשו ממנו״ ניט „מקצת סנהדרין״, נאָר רוב סנהדרין, איז געווען אַ זייער טראַגישע דערפאַרונג פאַר יוסף'ן. מען האָט דאָך יוסף'ן פון די שטיבלעך געטריבן, פון רבנות אָפּגעזאָגט, פון דער לומד'ישער געזעלשאַפט אויסגעשלאָסן; מען האָט אים באַליידיקט אויף שריט און טריט. דאָס טראַגישע דערביי איז דער פאַקט, וואָס באמת האָט די מחלוקת צווישן דעם יוסף פון תרס״ב און זיינע ברידער, די שבטי י״ה, בארוט אויף אַ מיספארשטענדעניש, פונקט ווי דער אַמאָליקער קריג צווישן דער אור־אַלטן יוסף בן־יעקב און זיינע ברידער איז געווען אַ רעזולטאַט פון „ויראו אותו מרחוק״, פון ניט צוזאַמענרעדן זיך. וואָס האָט באמת באַאומרואיקט יוסף'ן? סוף־כל־סוף האָבן דאָך חז״ל געזאָגט: „אין מראין לו לאדם אלא מהרהורי לבו״. וואָס האָט יוסף געזוכט, צו וואָס האָט ער געשטרעבט? וואָס פאַר אַ וויזיע האָט אים פאַרפאָלגט? אַן אומבאַשטימטער געפיל פון אונזיכערקייט האָט אים געשראָקן... און וואָס איז באַשטאַנען זיין אונזיכערקייט? דער יוסף פון חומש איז ניט געווען זיכער, אַז דער „וישב יעקב בארץ מגורי אביו״ וועט לאַנג אָנהאַלטן. אין זיינע אויערן האָבן כסדר געקלונגען די ווערטער „כי גר יהיה זרעך״. ער האָט זיך און זיינע ברידער כסדר געזען אין אַ פרעמדער סביבה, ווייט פון ארץ כנען, אונטער נייע אומשטענדן און באַדינגונגען פון לעבן. ער האָט געזען אין זיין חלום „והנה אנחנו מאלמים אלומים״, מיר זיינען שוין ניט מער אין ארץ־כנען, מיר זיינען אין ארץ מצרים, ממילא קענען מיר קיין רועי צאן מער ניט זיין, מיר זיינען איינגעגלידערט אין אַ נייער ווירטשאַפט, מיט נייע פאָרמען, זיטן און געזעצן; פון מרעה צאן וועט מען זיך ניט קענען מפרנס זיין. די בני יעקב וועלן זיך מוזן אויסלערנען אַנדערע מלאכות,

ווי אַגריקולטור, בוי־קונסט, חרושת־אבן, חרושת־עץ, אויסאַרבעטונג פון זהב, כסף ונחושת, וואָס וועלן זיך אַריינפּאַסן אין די נייע אומשטענדן. ממילא האָט ער גע׳חלומ׳ט פון אַ נייעם פּלאַן, ווי די אחדות פון דער משפּחה זאָל אויפגעהיט ווערן אויך אין מרחקים, אין וועלכע דער בורא־עולם וועט זיי פאַרוואַרפן. ער האָט כסדר געטראַכט, ווי אַזוי די טראַדיציע פון אברהמ׳ען זאָל קענען אָנגעהאַלטן ווערן אין אַ נייער ווירטשאַפט, אין אַ נייער ציוויליזאַציע.

די ברידער האָבן אים ניט פאַרשטאַנען, ווייל זיי האָבן געקוקט אויפן עתיד ווי אויף אַ המשך פון דעם הווה. אַלע פּראָבלעמן האָבן זיי געזען אין די ראַמען פון זייער לעבן בארץ כנען, בארץ מגורי אביהם. אין דער אַלטער סביבה, אין דער היימישער שטאָט פון די אבות, האָבן זיי ניט גענדאַרפט האָבן קיין נייע פּלענער און זיי האָבן זיך נישט געניטיקט אין נייע ווירטשאַפטלעכע מעטאָדן.

דער יוסף פון חומש דערציילט: „והנה השמש והירח ואחד עשר כוכבים משתחוים לי״ — עס איז דאָ אַ סעקולערע קולטור, אַ גרויסע און מעכטיקע טעכנאָלאָגיע, וואָס באַווייזט ווונדער און וואָס איבעראַנדערשט די יסודות פון אונדזער לעבן. אמת, אין ארץ כנען קענען מיר אויסקומען אָן איר. די סעקולערע קולטור האָט אין זיך דעסטרוקטיווע עלעמענטן, אַסך נעגאַטיווע, פאַרדאַרבענע זייטן. זי קען זיין אַ ברכה און אַ קללה גלייכצייטיק, און כל זמן מען קען זיך באַגיין אָן איר, איז פיל געזינטער פאַר דער נשמה. אָבער איר ווייסט דאָך, אַז סוף־כל־סוף וועלן מיר מוזן קומען מיט איר אין באַרירונג. די קאָנפראָנטאַציע וועט פאָרקומען ניט אין ארץ כנען, געוויינלעך, וואו דער לעבן פליסט רואיק, נאָר אין אַ נייער, פרעמדער, לאַנד וואו דער טעמפּאָ פון לעבן איז פיל פאַרשנעלערט און יעדן טאָג קומען פאָר יסודות׳דיקע ענדערונגען. דעם רבונו־של־עולמ׳ס גזירה, „כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם״, וועט פריער אָדער שפּעטער מקויים ווערן. אין דער „ארץ לא להם״, האָב איך מורא, וועלן מיר ניט קענען אויפשטעלן אַ מחיצה צווישן אונדז און דער סביבה. אויב מיר וועלן ניט זיין צוגעגרייט פאַר די נייע באַדינגונגען, וועט אונדז די סביבה איינשלינגען! אונדזערע אינטעלעקטועלע כוחות וועלן זיך אינגאַנצן אַסימילירן. אָבער אויב מיר וועלן באַצייטנס טראַכטן און פּלאַנירן און זיך צוגרייטן פאַר מאלמים אלומים, פאַר השמש והירח ואחד עשר כוכבים, — פאַר אַ נייער ווירטשאַפט און אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, — דאַן וועלן מיר זיין בכוח צו פאַראייביקן אברהמ׳ס ירושה אפילו אין דער פרעמדער סביבה. אברהמ׳ס תורה איז מעכטיק, אָבער במה דברים אמורים? ווען מען איז צוגעגרייט צום קאַמף און מען ווייס געגנוי ווי צו האַנדלען אין דער נייער סביבה.

די ברידער, אָבער, האָבן אים געענטפערט: „בהדי כבשי דרחמנא למה לך?" — וואָס דאַרפסטו זיך מישן אין דעם רבש"ע'ס סודות'דיקע פּלענער! מיר ווייסן ניט ווי און ווען דער רבש"ע וועט פאַרווירקלעכן זיין גזירה פון „כי גר יהיה זרעך". דערווייל זיינען מיר אין ארץ כנען; מיר לעבן רואיק בקדושה ובטהרה; מיר זיינען זיך מפרנס פון מרעה צאן; מיר דאַרפן זיך ניט שרעקן פאַר דער צוקונפט. מיר קענען אויסקומען אָן אלומים און אָן השמש והירח ואחד עשר כוכבים. אָבער יוסף האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע. ער האָט ניט געהאַט קיין צופיל בטחון אין דעם פּאָליטישן אוןווירטשאַפטלעכן סטאַטוס־קוואָ פון דעם בית־יעקב אין ארץ כנען און געהאַלטן אין איין מתרה־זיין זיינע ברידער. „ויקנאו בו אחיו" — וואָס מער יוסף האָט געפּראָוואוט אריינ'טענה'ן אין זיי, אַלץ עקשנות'דיקער זיינען זיי געוואָרן: „ויוסיפו עוד שנא אותו על חלומותיו ועל דבריו".

איז יוסף געווען צעקריגט מיט זיינע ברידער? אַוודאי! איז זייער מחלוקת געווען לשם שמים? אוודאי און אוודאי! יוסף, ווי אויבן באַטאָנט, האָט געקוקט אויף דעם גורל פון די בני יעקב פון שטאַנדפּונקט פון אַ טונקעלן, אונזיכערן, מיסטעריעזן עתיד, אין וועלכן די גזירה פון „כי גר יהיה זרעך" וועט רעאַליזירט ווערן; ער האָט געפאָדערט הכנות פאַר אָט יענער צוקונפט. די ברידער זיינען געווען כולם בדעה אחת, אַז מען טאָר ניט צופיל ספּעקולירן, „במופלא ממך אל תדרוש"; דער עתיד דאַרף געאורטיילט ווערן לויט דעם הווה. מיר זיצן אין ארץ כנען. מיר דאַרפן ניט און מיר טאָרן זיך ניט אָנהויבן מכין זיין פאַר אַ לאַנד, וואָס מיר קענען ניט און פאַר אַן עתיד, וואָס איז פון אונדז פאַרבאָרגן.

אין דער מחלוקת לשם שמים האָט די השגחה גע'פסק'נט ווי יוסף, און נאָר אַדאַנק יוסף'ס חלומות איז די בית־יעקב געראַטעוועט געוואָרן פון אונטערגאַנג. וואָס וואָלטן די ברידער געטאָן אָן אים, ווען „והרעב כבד בארץ ויהי כאשר כלו לאכל"? ווען יוסף וואָלט ניט גע'חלומ'ט, וואָלט דאָך די גאַנצע בית יעקב אויסגעגאַנגען פון הונגער! ווען ניט „וישלחני א' לפניכם לשום לכם שארית בארץ", וואָלט דאָך, ח"ו, אונטערגעגאַנגען די מסורה פון אברהם און בחירת ישראל וואָלט ניט רעאַליזירט געוואָרן.

וואָס איז געווען די מחלוקת צווישן דעם יוסף'ן פון תרס"ב און זיינע גרויסע ברידער? אונדזערע גרויסע ברידער, גדולי ישראל און קדושי־עליון, האָבן גע'משפּט דעם עתיד פון שטאַנדפּונקט פון אַ רואיקן און זאַטן, שטילן הווה, ווען די קהילות פון בריסק, מאָהילעוו, כאַסלאַוויטש און ליובאַ־וויטש זיינען געווען אינטאַקט; ווען הונדערטער, טויזנטער, בתי־מדרשים זיינען געווען פול מיט לומדי תורה און דאַוונערס (אמת, שוין דאַמאָלס האָט

געברענט דאָס רעוואָלוציאָנערע פייער בקצה המחנה; אַ טייל פון דער יוגנט האָט מורד געווען אין אונדזער טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער); ווען די שלומי אמוני ישראל האָבן פארמירט דעם רוב מנין און רוב בנין פון דער אומה הישראלית; ווען דער איד פון דער גאַס און דער איד פון בית־מדרש זיינען געווען אין דער בחינה פון „מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד". ממילא האָבן זיי געהאַלטן, אַז מתחבר זיין זיך מיט מערב־אייראָפּעאישע אידן, וואָס זיינען געווען, אין אַ גרויסער מאָס, ניט קיין שומרי־מצוות און ניט קיין צו גרויסע מאמינים, — איז אַ סכנה פאַר יהדות. זיי, אונדזערע ברידער, האָבן זיך באַנוצט מיטן פסוק: „בהתחברך לרשע פרץ ה' מעשיך". זיי האָבן בכלל ניט געוואָלט האָבן קיין מגע ומשא מיט חולין. זייער גאַנצער דענקען, טראַכטן און פילן איז געווען איינגע־טונקען אין קדושה. די סביבה האָט דאַן נאָך געהאַט אַסך קדושה, מסורה און תורה.

יוסף פון תרס"ב איז געווען בבחינת „ניבא ולא ידע מה ניבא". ער האָט אויך מסכים געווען מיט זייער גרויסע ברידער, אַז אויב מיר זאָלן אורטיילן דעם עתיד דורך דער שפופרת פון דער געגנוואַרט איז אַוודאי דאָס פאַראייניקן זיך מיט די אַזוי־גערופענע חפשים ניט באַרעכטיקט. אָבער יוסף פון תרס"ב האָט געהאַט אַ טונקעלן פאָרגעפיל פון עפּעס שרעקליכעס, אַן אַפּאָקאַ־ליפּטישע וויזיע פון קאַטאַסטראָפע, פון קאַטאַקליזם, פון אַ שטורם וואָס האַלט אין אָנקומען און פאַראורזאַכן אַ חורבן. יוסף פון תרס"ב האָט געפילט — טראָץ דעם וואָס ער האָט עס ניט געקענט פאָרמולירן אין קלאָרע, גראַמאַטיקאַלישע זאַצן, — אַז די בריסק און די מינסק, די אידישע ווילנע און וואַרשע, די מאָהילעוו די האמעל און יעקאטערינאסלאוו מיט זייערע בתי־מדרשים, ישיבות, מיט זייער פולסירנדיקן רעליגיעז־אידישן לעבן, וועלן, ערשטנס, סעקולאַריזירט ווערן, און, צווייטנס, אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד. דער יוסף פון תרס"ב האָט אינסטינקטיוו געשפּירט, אַז די גאַנצע שלוה, מנוחה, השקט ובטח, אין וועלכע זיינע גרויסע ברידער לעבן, איז מער ניט ווי אַ מיראַזש. דער יוסף פון תרס"ב האָט געזען אין חלום „והנה אנחנו מאלמים אלומים", אַז מיר וועלן ווערן איינגעשלונגען אין אַ נייער ווירטשאַפט, אַז דער הויפּט־טייל פון אידנטום וועט זיך קאָנצענטרירן אין דער מערב־וועלט, וואו די געזעל־שאַפט וועט זיין וויסנשאַפטלעך אָריענטירט און די „השמש והירח ואחד עשר כוכבים" וועלן לייכטן, וואו יעדע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונג וועט באַריכטעט ווערן דורך די צייטונגען ווי די גרעסטע סענסאַציע, וואו אַלע פּראָפעסיעס וועלן זיין פאַרבונדן מיט אַקאַדעמישער אויסבילדונג. דער יוסף פון תרס"ב האָט אומבאַוואוסטזיניק געשפּירט, אַז מען טאָר זיך ניט

פאַרלאָזן אויפן סטאַטוס־קוואָ, אַז גרויסע ענדערונגען וועלן פאָרקומען אין אידישן לעבן און אַז מיר מוזן זיין מוכן ומזומן פאַר די ענדערונגען. ער האָט אונבאַוואוסטזיניק געפילט דאָס אָנקומען פון אַ צייט, ווען ניט אין בריסק און ניט אין ווילנע און ניט אין מינסק וועלן זיין ישיבות, ווען אמעריקע וועט ווערן אַ מקום־תורה און ווען ארץ־ישראל, מדינת־ישראל, וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מרכז פון תורה.

מיר ווייסן אַלע די מעשה פון „תנור של עכנאי". מיר געדענקען נאָך ווי מיר האָבן געלערנט מיט אַ ציטער און אַ טרער וועגן ר' יהושע בן חנניא, וועלכער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף זיינע פיס און דערקלערט: „לא בשמים היא!" אין עניני הלכה האָט דער רבש"ע איבערגעגעבן די חכמי־ישראל די אויטאָריטעט צו פסק'ענען טמא־טהור, חייב־פטור, אסור־מותר. אָבער אין היסטאָרישע פראַגן, אין שאלות וואָס זיינען נוגע ניט אַ תנור, ניט אַ כיכר און ניט אַ סכום פון מנה אָדער מאתים, נאָר דעם שיקזאַל פון דעם עם־הנצח, פסק'נט דער רבש"ע אליין הלכה כדברי מי. קיינער האָט קיין רעכט ניט צו ווידערשפרעכן דעם פסק־הלכה פון בורא־עולם. דער בורא־עולם האָט דעם פסק־הלכה בנוגע דער מחלוקת פון אַלטן יוסף און זיינע ברידער אָפגעפסק'נט ווי יוסף מיט עטלעכע טויזנט יאָר צוריק, און דער בורא־עולם האָט אויך גע'פסק'נט אין אונזער צייט, אַז הלכה ווי יוסף פון תרס"ב, וועלכער האָט ניט געהאַט צופיל בטחון אין דער עתיד פון בית יעקב אין מזרח־אייראָפּע און האָט גע'חלומ'ט וועגן אַן אַנדער לאַנד און אַנדערע היסטאָרישע אומשטענדן. איך וויל פרעגן אַ פשוט'ע פראַגע: וואָס וואָלטן געטאָן די ישיבות און חכמי־התורה, וועלכע זיינען ניצול געוואָרן פון דער היטלער־קאַטאַסטראָפע, אודים מוצלים מאש, ווען יוסף פון תרס"ב וואָלט ניט אויסגעטראָטן דעם וועג פאַר זיי אין ארץ־ישראל און וואָלט ניט מעגלעך געמאַכט דאָס איבערפלאַנצן פון דעם עץ־חיים פון ליטע און אַנדערע לענדער אין ארץ־הקודש?

אַסך מאָל דענק איך, אַז ווען די גרויסע ברידער פון יוסף'ן, גאוני־עולם וצדיקי־עליון, וואָלטן געלעבט היינט, וואָלטן זיי אויך געזען דעם ג־טלעכן וואונדער אין תקומת המדינה און זיי וואָלטן שיר ושבח צום רבש"ע געזאָגט. לאָמיר זיך ניט נאַרן: מיר קענען ניט לייגן צופיל האָפענונגען אויף דער דיאַספּאָרע. די אַסימילאַציע שטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג. די צאָל פון נשואי־תערובות וואַקסט כסדר. מיר געפינען שוין נשואי־תערובות אין קרייזן, וואָס וואָלטן עפ"י דרך השכל געדאַרפט זיין אַ חומה בצורה קעגן דער מגפה. אמת, עס איז דאָ אַביסל תורה אין גלות, אָבער — ערשטנס: די צאָל פון לומדי־תורה איז פראָפּאָרציאָנעל זייער אַ קליינע, און — צווייטנס: קען מען

גאָרניט פּאַראַוויסזען וואָס עס וועט געשען מיט די קומענדיקע דורות. מיר זיצן אין אַ קליינער שיפל וואָס באַוועגט זיך לאַנגזאַם אויף די כוואַליעס פון אַ שטורמישן ים. ווי ניט־פּרום ארץ־ישראל זאָל ניט זיין, איז דער עתיד פון תורה און טראַדיציאָנעלע אידישקייט אַ פיל־זיכערער דאָרטן ווי דאָ.

כדי צו האָבן אַ חלק אין דער נייער ישראל, ווו תורה — פאַרטריבן פון ליטע און פוילן — וועט געפינען אַ היים, האָט יוסף פון תרס״ב אָנגעהויבן בויען ארץ־ישראל צוזאַמען מיט אַלע חופשים, פון וועמען יוסף איז גייסטיק און אידעאָלאָגיש געווען פונקט אַזוי ווייט, ווי זיינע גרויסע ברידער. אָבער, לײדער, בשעת די שבטי י־ה, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, האָבן שפּעטער מודה געווען, אַז יוסף איז געווען גערעכט און האָבן זיך פאַר אים אַנטשולדיקט: „אנא שא נא פשע אחיך וחטאתם כי רעה גמלוך״, פעלט מאַנכע פון אונזערע ברידער, לדאבוננו הגדול, די מידה פון זען די ווירקלעכקייט ווי זי איז און באַזיצן דעם מוט צוצוגעבן, אַז מען האָט געמאַכט אַ פעלער. נאָך היינט־צו־טאָג — נאָך טרעבלינקע און אָשוויענטשים — בשעת די אַסימילאַציע פרעסט אויף אַ גרויסן טייל פון יהדות אין דער דיאַספּאָרא, און בשעת מדינת־ישראל פאַרטיידיקט דעם ישוב קעגן דעם אַראַבישן עמלק, — זיינען זיי עקשנות'דיק מקיים בנוגע זייער ברודער יוסף'ן „ויראו אותו מרחוק״!

ז.

## מיין אנשליסן זיך אין מזרחי

ווי כ'האָב אקארשט באַטאַנט, דער מזבח פון לך־לך שטייט נאָך היינט. אַסך תלמידי־חכמים ליידן נאָך איצט. איך וויל ניט ריידן וועגן אַנדערע, איך וויל בעסער ריידן וועגן זיך. איך בין ניט געבוירן געוואָרן אין אַ ציוניסטיש הויז. מיינע זיידעס, מיין בית־אבא, מיינע רביים און חברים, זיינען געווען ווייט פון דעם מזרחי. זיי האָבן אויך געהאַלטן פון דער שיטה „בהדי כבשי דרחמנא למה לך?״ מיין פאַרבינדן זיך מיטן מזרחי איז געקומען גראַדנוויז. איך האָב אַסך ספקות געהאַט בנוגע דער ריכטיקייט פון דער שיטה. סוף־כל־סוף: מיינע וואָרצלען דערגרייכן טיף־טיף אין תורה שבעל־פה, אין לומדות. מיין גאַנצע השקפת־עולם איז אויסגעפורמעט געוואָרן אין אַן אַטמאָספערע פון רמב״ם און ראב״ד, פון „שעבודא דאורייתא״, „יושם השור, יוחלט השור״, אָדער „מיגו לאפטורי משבועה״. אמת, אין מיין היים האָט א״י געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. ר' חיים איז געווען דער ערשטער וועלכער האָט הלכה'יש אַנאַליזירט, דעפינירט און פאָרמולירט אויף גרויסע

מחשבה־הויכן די באַגריפן פון „קדושת־הארץ", „קדושת מחיצות", „קדשה לשעתא וקדשה לעתיד לבוא", „ביאת כולכם, כל יושביה", „יש קנין לנכרי", און אַזוי ווייטער. די טערמינען האָבן רעפּרעזענטירט ניט נאָר באַגריפן, אבסטראקטע מחשבה און פאָרמעלן חידוש, נאָר טיף־פאַרוואָרצלטע געפילן, אהבה, געגועים און וויזיע. ארץ־ישראל, „קדושת בתי ערי חומה", „קדושת ירושלים" זיינען געווען מיינע וויג־לידער, מיט וועלכע מען האָט מיך איינגעשלעפערט. ר' חיים איז געווען דער גרעסטער חובב ציון, וועלכער האָט אפשר געלעבט אין יענעם דור. ער פלעגט זיך שטענדיק אַרומשפּילן מיטן געדאַנק, אַז נאָכדעם ווי ער וועט חתונה מאַכן זיינע קינדער, וועט ער איבערגעבן די רבנות איינעם פון זיינע זין און אַליין זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל, קויפן אַ פּרדס און מקיים זיין מצוות התלויות בארץ. ווער עס האָט ניט געזען ר' חיים'ען דאַוונענדיק ר"ה און יוה"כ און זאָגנדיק „ובכן תן פחדך", אויסגיסנדיק זיין האַרץ אין די דריי „ובכן"ס, און ספּעציעל בעטן ביים רבש"ע מיט מעלאַנכאָליע, ציטער און קדושה די פאַרווירקלעכונג פון דער תפלה „ובכן תן כבוד ה' לעמך תהלה ליראיך ותקוה טובה לדורשיך ופתחון פה למיחלים לך; שמחה לארצך וששון לעירך" — דער האָט קיינמאָל ניט בייגעוואוינט אַ מער ליידנשאַפטלעכע מאַניפעסטאַציע פון אהבת ישראל און חיבת הארץ. ווער עס האָט ניט געזען ר' חיים'ען יו"כ נאָך דער עבודה דעקלאַמירנדיק: „כל זאת בהיות ההיכל על מכונו, כהן גדול עומד ומשמש, בני דורו ראו ושמחו. אשרי עין ראתה כל אלה", — האָט קיין פאַר־בענקטערע, הייסערע תפלה ניט געהערט. די גאַנצע פּערזענלעכקייט פלעגט אַריבערגעטראָגן ווערן אין ירושלים און זיך אויסמישן מיט די כהנים והעם העומדים בעזרה. אָבער די גאַנצע אהבת־ציון און חיבת־ירושלים פון ר' חיים בריסקער האָט קיין שייכות ניט צו דער ציונות פון חיים ווייצמאַן, ווי זי קומט צום אויסדרוק אין זיין בוך: "Trial and Error". פאַרקערט, זי איז אין פולער סתירה צו איר. אויב איר מיינט, אַז עס איז מיר לייכט זיך צוגעוווינען צו דעם האַלב־אַפּיקורס'ישן, האַלב־משכיל'ישן, האַלב רוסיש־רעוואָלוציאָנערן טעסטאַמענט פון חיים ווייצמאַן אין לעצטן קאַפּיטל פון זיין בוך, וואו ער אנטוויקלט זיינע אידעען ווי מדינת־ישראל דאַרף גייסטיק אויסזען (זי זאָל ח"ו ניט ווערן קיין טעאָקראַטיע), — מאַכט איר אַ טעות. צווישן דער אַנשויאונג פון אַ חיים ווייצמאַן און אַנדערע סעקולערע ציוניסטישע מנהיגים, און מיין השקפה, ליגט אַן אונענדליכע דיסטאַנץ. איך קען בכלל זייער שיטה ניט פאַרשטיין. ווי קען מען גאָר חלומ'ען וועגן בויען ארץ־ישראל אָן דעם א־לקי ישראל?

אויב איך אידענטיפיציר זיך איצט מיט מזרחי, וואָס איז אין גענצאָך

צו מיין משפחה־מסורה, איז עס נאָר צוליב דעם, ווייל איך פיל, ווי איך האָב שוין פריער פעסטגעשטעלט, אַז די השגחה האָט אָפּגעפּסק׳נט ווי יוסף קעגן זיינע ברידער, און, אַז זי נוצט די פרייע, סעקולערע אידן ווי שלוחים צו פאַרווירקלעכן אירע גרויסע פּלענער בנוגע אַ הייליקער ארץ־ישראל. איך גלויב אויך, אַז ווען ניט דער מזרחי וואָלט איצט די תורה ניט געהאַט קיין פּלאַץ אין ארץ ישראל. איך האָב געבויט אַ מזבח, און אויף אים האָב איך מקריב געווען שלאָפלאָזע נעכט, ספקות און פקפוקים. אָבער די יאָרן פון דער היטלער־קאַטאַסטראָפע, תקומת־המדינה און די מזרחי־אויפטוען אין ארץ־ישראל האָבן מיך איבערצייגט, אַז אונדזער באַוועגונג האָט געהאַנדלט ריכטיק. דער מזבח שטייט נאָך היינט, און דער קרבן רויכערט זיך נאָך אויפן מזבח. „היא העולה על מוקדה כל הלילה״.

דערפאַר דאַרף דער מזרחי פאַרשטיין, אַז אַזוינע אידן ווי איך און אַנדערע, וועמענס שרשים זיינען יונק פון דער אור־אלטער קרקע פון אביי ורבא און וועלכע האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג, זיינען אין דער בחינה פון יוסף, וואָס מוזן מקריב זיין אויף דעם מזבח זייער מנוחת־הנפש, חבר׳ישע פאַרהעלטעמישן און ידידות. דער מזרחי דאַרף אויך באַגרייפן, אַז מיר זיינען ניט גורס קיין ציוניזם פּלוס דת, אָדער רעליגיעזע ציונות. ביי אונז איז דאָ איין שם־העצם — תורה. ארץ־ישראל איז הייליק און טייער, ווייל די תורה האָט איר מקדש געווען און ווייל דער עתיד פון תורה איז פאַרבונדן מיט איר.

### ז.

## מי ילד לי את אלה

דעם צווייטן מזבח האָט אברהם געבויט, ווי דער מדרש דריקט זיך אויס: „שלא יהיו בניו נופלין בעי; ראה שנכשלין בעוון עכן והתפלל עליהם״ (רש״י). „ויעתק משם ההרה מקדם לבית א־ל ויט אהלה בית א־ל מים והעי מקדם ויבן שם מזבח לה׳ ויקרא בשם ה׳ (עיין רש״י).

אונדזער באַוועגונג בויט אַ מזבח כדי צו פאַרזיכערן דעם קיום הזרע אין דער גרויסער מלחמת החיים, אין וועלכער דער מאָדערנער איד איז פאַרוויקלט געוואָרן. די הויפּט־פּראָבלעם פון מאָדערנעם אידן היינט קאָנ־צענטרירט זיך ארום חינוך הבנים. אידן זיינען דערפאָלגרייך סיי אין דער דיאספּאָרא און סיי אין ארץ־ישראל. אַלע פּראָפעסיעס שטייען אָפן, טויזנטער סקאָלאַרשיפּס וואַרטן אויף אַפּליקאַנטן. עס איז זייער לייכט צו געבן אַ קינד אַ גוטע סעקולערע אויסבילדונג. ווער עס האָט אפילו נאָר דורכ־

שניטלעכע פּעאיקייטן קען דורכגיין היינט קאָלעדזש און אויך אַ גראַדואייט סקול אויף סטיפּענדיעס, און נאָכדעם קריגן אַ שטעלע פאַר צען, צוועלף און פופצען טויזנט דאָלאַר אַ יאָר.

ווי קען מען, אונטער אַזעלכע באַדינגונגען, סטימולירן אַ חשק צו לערנען און פאַרטיפן זיך אין אַזעלכע ענינים, ווי „ממון המוטל בספק״, „יש ברירה״ אָדער „אין ברירה״, „יאוש שלא מדעת״, „מצוות צריכות כוונה״, „מצוה הבאה בעבירה״, מלאכה שאינה צריכה לגופה״, „גוד אסיק מחיצתא״, „קם ליה בדרבה מיניה״, — בשעת לומדות ברענגט קיין מאַטעריעלן נוצן ניט? ווי קען מען פאַרלאַנגען פון קינדער זיך צו פאַרטיפן אין אַ ר״ת, אין אַ רמב״ן, אין אַ ש״ך, אין אַ קצות, בשעת אַנדערע קורסן אין די גראַדואייט סקולס קענען אַריינברענגען מער ווי אפילו אַ גוטער תירוץ אויף אַ קשיא? ווי קען מען באַאיינפלוסן יונגע בחורים, אַז זיי זאָלן מקדיש זיין דריי־פיר יאָר אין אַ כולל צו לומדות, בשעת די גאַס לאָקט און ציט און שטופּט מיט אומווידערשטעלנדיקער קראַפט? ווי קען מען פאַרלאַנגען התמדה באהלי תורה, מקדיש זיין אַלץ לה׳, בשעת די „כסף וזהב וכו׳ הנחושת והברזל״, דער שלל פון יריחו, איז צוגענגלעך צו אַלעמען, און עכן זעט „בשלל אדרת שנער אחת טובה ומאתים שקלים כסף ולשון זהב אחד חמישים שקלים משקלו״ — מען דאַרף נאָר אויסשטרעקן די האַנט און נעמען: „ואחמדם ואקחם״? ווי קען אַ יונגער אינגל ברענגען דעם קרבן לד׳, און זיך איינהאַלטן ניט צו טאָן מעשה עכן?

פאַקטיש האָבן מיר אין אַמעריקע באַוויזן דעם וואונדער. די ישיבה קטנה איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם נס. איך אַליין בין שוין אַ מלמד אַ רעכט ביסל יאָרן. אַמעריקאַנער יוגנט לערנט תורה. דייטשלאַנד האָט עס ניט געקענט שאַפן. אין אַמעריקע האָבן מיר מצליח געווען. פרעגט ניט ווי; עס איז אַ פאַקט. טראָץ אַלע פעסימיסטישע נביאות און שוואַרץ־זעעריי, האָבן די אידן, וועלכע האָבן געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון אַ תורה־עקזיסטענץ אין צענטער פון אַ מאָדערנער טעכנאָלאָגיש־אָריענטירטער וועלט, געטראָפן. די אינסטיטוציעס וואָס זיי האָבן געבויט, זיינען זייער דערפאָלגרייך. גלויבט מיר, אַז אַסך מאָל, ווען איך זיץ אין דער ישיבה ביי אַ שעור מיט מיינע תלמידים און מיר פאַרטיפן זיך אין אַ שווערער סוגיא; אָדער אַ שבת־צו־נאַכט אין באָסטאָן, ווו דער דורכשניטלעכער אָלטער פון מיינע צוהערערס איז 23 אָדער העכסטנס 25 יאָר, הויב איך אָן צו פרעגן מיך אַליין: „מי ילד לי את אלה ואני״? האָבן דאָך אַלע אונדזערע שונאינו ומנדינו געזאָגט, „שכולה וגלמודה, גולה וסורה — „ואלה מי גדל, הן אני נשארתי לבדי?״ (האָבן אַלע געזונגען און אָפּגע׳פסק׳נט) אלה איפוא הם?״.

איך דערמאָן מיך שטענדיק דעם מאמר חז"ל אין שבת, דף פ"ה: „א"ר יונתן: מאי דכתיב 'אלה בני שעיר החורי יושבי הארץ' וכו' — שהיו בקיאים בישובה של ארץ, שמריחים את הארץ והיו אומרים: מלא קנה זה — לתאנים". דער אידישער חינוך האָט אויך געהאַט אַזעלכע עקספּערטן, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אַלס בקיאים אין חינוך־שטייגער פון לאַנד. די עקספּערטן האָבן געזאָגט: „מלא קנה זה" — אין וואָלאָזין, אין סלאָבאָדקע, מיר, טעלז האָט מען געקענט פּלאַנצן תורה, דעם זית רענן, אָבער „מלא קנה זה" אין ניו־יאָרק, באָסטאָן, שיקאַגאָ — „לגפנים", קען מען ניט לערנען גמרא מיט אידישע קינדער, וועלכע פאַרשטייען אפילו קיין אידיש ניט; „ומלא קנה זה" — די מאָדערנע תל־אביב, כפר הרוא"ה, חיפה און רחובות — „לתאנים", פּאַסן ניט פאַר ישיבות און דעם ניגון פון אמר רבא.

איז געקומען די ישיבה־קטנה אין אַמעריקע און אין ארץ־ישראל און האָט באַוויזן די עקספּערטן, די בני שעיר החורי, אַז זיי וויסן קיין זאַך ניט וועגן די פאַרבאָרגענע כחות פון דעם לאַנד, אַז דוקא אין דעם „מלא קנה זה", וואָס איז נאָר פּאַסיק מגדל צו זיין גפנים און תאנים פאַר אַ סעקולערן חינוך האָבן מיר געפלאַנצט אַ זית רענן, בליענדיקע ישיבות, וואו תורה לעבט, אַנטוויקלט זיך און וואַקסט.

דער מזרחי איז אפשר געווען די ערשטע באַוועגונג, וואָס האָט געהאַט דעם מוט צו זאָגן צו די בני שעיר החורי, די בקיאים בישובה של ארץ, אַז זיי מאַכן אַ ביטערן טעות. דער מזרחי מיט זיין אָפּטימיסטישער שיטה, אַז מען קען פאַרבינדן די אהלי־יעקב מיט משמני הארץ, אַז מען קען בויען תורה אין דער מאָדערנסטער געזעלשאַפט, האָט דעמאָנסטרירט, אַז דוקא אין ניו־יאָרק און דוקא אין דער מאָדערנער באָסטאָן; דוקא אין תל־אביב און דוקא אין דער מאָדערנער חיפה קען תורה וואַקסן און בליען. דער מזרחי האָט באַוויזן, אַז דוקא אין „מלא קנה זה" פון סעקולערע ווערטן און סעקולערן וויסן, קען אויסוואַקסן אַ פּראַכטפולער זית רענן פון תורה, און אַז טויזנטער קינדער זאָלן ווערלן אַריין אין ישיבות און ניט געפינען קיין פּלאַץ.

עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט, אַז די מזרחי־באַלעבאַטים (מיט דרייסיק־פערציק יאָר צוריק זיינען אין אַמעריקע קיין אַנדערע באַלעבאַטים ניט געווען), האָבן געגרינדעט די גרעסטע ישיבות אין לאַנד. הרב ברלין איז געווען דער פּרעזידענט פון ישיבת רי"א, הרב גאָלד איז געווען איינער פון די מיסדים פון „תורה ודעת", און אַזוי ווייטער און ווייטער.

אין ארץ־ישראל — איז דאָך ניטאָ וואָס צו רעדן! אויב תורה האָט אַן עתיד אין א"י, אויב תורה איז אַרויס פון קרן זוית אין דער גאַס

אַריין, אויב לימוד התורה ווערט באַטראַכט אַלס עפּעס וואָס גיט פּרעסטיזש, — איז עס נאָר אַדאַנק אונדזער באַוועגונג, וואָס האָט, ווי כ׳האָב שוין געזאָגט, אָפּגעוואָרפן די שיטת־הפרישה און האָט ארויסגעטראָגן די תורה, דעם ארון קודש, לרחובה של עיר, פּונקט ווי אידן פלעגן אַמאָל טאָן אין אַ תענית צבור. אַנשטאָט אַוועקצולייגן אפר מקלה, האָבן מיר אָנגעטאָן דער תורה אַ קרוין עפּנטלעך. מיינע צוויי איידעמס און מיין זון, וועלכע האָבן באַזוכט ארץ־ישראל, האָבן מיר געזאָגט, אַז ווען ניט די ישיבות בני עקיבא, ווען ניט „כרם ביבנה״, ווען ניט די ישיבות תיכוניות, וואָלט דער קרן התורה ניט געווען אַזוי הויך. זיי האָבן געהאָלפן פאַרשטאַרקן דעם כבוד התורה מיט אַריינברענגען די ישיבה אין דעם ישוב החדש. איך וויל איך זאָגן, אַז קיינער פון זיי איז ניט אָפיציעל פאַרבונדן מיט מזרחי, און זיי זיינען כשר׳ע עדות...

באמת איז דער מזרחי היינט־צו־טאָג דער גרעסטער מפיץ תורה, פאַרשפּרייטער פון תורה, דער גרעסטער מרביץ תורה. מזרחי האָט געגרינדעט אין ארץ־ישראל מער ישיבות און תורה לער־אַנשטאלטן, ווי אַלע רבּ׳נישע אָרגאַניזאַציעס צוזאַמענגענומען. איראַנישערווייז איז מקויים געוואָרן בנוגע דעם מזרחי די מעשה וואָס ווערט דערציילט אין מנחות דף פ״ה, ע״ב: „פעם אחת נצרכו אנשי לודקיא בשמן ומינו להם פולמוסטוס אחד. אמרו לו: לך והבא לנו שמן במאה ריבוא. הלך לירושלים; אמרו לו: לך לצור; הלך לצור. אמרו לו: לך לגוש־חלב. אמרו: לך אצל פלוני לשדה. הלך ומצאו שהוא עוזק תחת זיתיו. אמר לו: יש לך שמן במאה ריבוא? אמר לו: המתן עד שאסיים מלאכתי. לאחר שסיים מלאכתו, הפשיל כליו לאחוריו והיה מסקל ובא בדרך. אמר: כמדומני ששחוק שחקו בי היהודים. כיון שהגיע לעירו, הוציאה לו שפחתו קומקומום של זהב מלאה שמן, וטבל בו ידיו ורגליו. לאחר שאכלו ושתו, מדד לו שמן במאה ריבוא. אמר לו: כלום אתה צריך ליותר וכו׳ מדד לו שמן בשמונה עשר ריבוא וכו׳, לקיים מה שנאמר: ׳יש מתעשר ואין כל, מתרושש — והון רב׳״.

יאָ, רבותי, איך געדענק נאָך פון מיין קינדהייט די טענות קעגן דער מזרחי באַוועגונג. די זעלבע אָנקלאַגע הערט מען נאָך היינט: דער מזרחי איז ניט קיין תורה־באַוועגונג; ער איז ניט פאַראינטערעסירט אין הרבצת התורה; די גאַנצע באַוועגונג באַשטייט פון חצי־משכילים, ביי וועמען אַ שיר פון ביאליק׳ן איז חשוב׳ער ווי אַ סברא אין לערנען; זיי זיינען מתנגדים פון ישיבות און פון דרך הלימוד אין ישיבות; זיי זיינען פאַראינטערעסירט מער אין חכמת ישראל, ווי אין תורת ישראל. זיי זיינען זיך עוסק אין קיבוצים, אין מעלקן קי און אַקערן די ערד. דער פולמוסטוס

האָט אויך אַזוי געטראַכט, ווען ער איז געקומען אין דאָרף, אין גוש־חלב, און האָט געפונען דעם פלוני עוזק תחת זיתיו. ער האָט דערזען אַ פשוט׳ען פעלד־אַרבעטער, מסקל ובא ובדרך; דער פולמוסטוס האָט אויך חושד געווען, אַז דער פלוני האָט קיין שמן ניט, ער איז אַ קבצן און אַן עני. דער פולמוסטוס האָט חרטה געהאַט אויף דעם, וואָס ער האָט זיך געווענדעט צו אַן אַרבעטער און פשוט׳ן דאָרפס־מענטשן, און ניט צו די אָפיציעלע סוחרים פון שמן זית...

אָבער די ווירקלעכקייט האָט אַנדערש באַוויזן. דווקא דער פלוני, דער עוזק תחת זיתיו ומסקל אבניו מן הדרך, דוקא דער מתרושש, האָט געהאַט אַ הון רב. די געשיכטע האָט דעם מתרושש, דעם באַשיידענעם חלוץ וועלכער אַקערט און זייט, פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן מפיץ תורה און בונה ישיבות, און דווקא דער מתעשר, וועלכער רעדט כסדר וועגן תורה, האָט קיין זאַך ניט אויפגעטאָן.

אָבער, ווי געזאָגט, הרבצת תורה איז פאַרבונדן מיט א מזבח. מיר ווייסן אַלע ווי שווער עס איז צו בויען תורה אין דער היינטיקער ארץ־ישראל, (תורה איז דאָך איינע פון די דריי זאַכן, וואָס אינה נקנית אלא ביסורים), פונקט אַזוי ווי אין אַמעריקע; מבשרי אחזה, וויפיל ענערגיע און מי, שלאָפלאָזע נעכט און עגמת נפש האָב איך אַריינגעלייגט אין איין ישיבה. דער צווייטער מזבח ביי וועלכן עס שטייט: „ויבן שם מזבח לה׳ ויקרא בשם ה׳״, דער מזבח פון חינוך פון הרבצת התורה, פון קיום הבנים, איז אַ פראַקטפולע לייסטונג פון מזרחי. דער חסרון איז, וואָס מיר אַליין אידענטיפיצירן זיך ניט מיט די לייסטונגען און מיר רעדן ניט גענוג וועגן זיי. כ׳האָב פיינט פובליסיטי און כבוד־זוכעריי, אָבער אַמאָל מוז מען מפרסם זיין אַ זאַך. מיר זיינען געוווען צו באַשיידן. וועלכער מזרחי־חבר אין אַמעריקע ווייס וועגן אונדזער הרבצת־תורה אין ישראל?

מיר דאַרפן דערשיינען אין דער עפנטלעכקייט ניט אַלס מתרושש, נאָר אַלס מתעשר והון רב. עס איז קיין סתירה ניטאָ צווישן בנין הארץ און בנין התורה, צווישן עזיקה תחת הזיתים, סיקול הדרכים און בויען ישיבות. דער כתר־תורה גיט אונדז אונדזער אייגנאַרט און אינדיווידואַליטעט.

## ח.

## שבו לכם פה עם החמור

דעם דריטן מזבח האָט אברהם געבויט אויפן הר המוריה, ווי עס ווערט דערציילט אין דער פרשת עקדה. „ויבואו אל המקום אשר אמר לו

הא־לקים ויבן שם אברהם את המזבח ויערוך את העצים ויעקד את יצחק בנו וישם אותו על המזבח ממעל לעצים״.

אין וואָס איז באַשטאַנען דער קרבן, וואָס אברהם האָט געבראַכט אויפן מזבח פון דער עקדה? דער ענטפער איז, געוויינלעך, אַז דער קרבן איז באַשטאַנען אין דער גרייטקייט פון אברהמ׳ען מקריב צו זיין יצחק׳ן. אָודאי איז עס ריכטיק, אָבער מיר דוכט זיך, אַז אין צוגאָב צו יצחק׳ן, האָט אברהם נאָך עפּעס מקריב געווען, נעמלעך, זיינע פריינטשאַפט־באַציאונגען מיט זיינע באַקאַנטע און חברים, מיט וועמען ער האָט יאָרן־לאַנג מיטגעאַרבעט אויף פאַרשיידענע געביטן. דאָסזעלבע האָט ער שוין איינמאָל געטאָן, ווען ער איז אַוועק מארצו ממולדתו ומבית־אביו. אברהם איז געווען גרייט צו פאַרלירן דורך דער עקדה ניט נאָר יצחק׳ן, נאָר אַלע זיינע באַקאַנטע און חברים און ווערן אינגאַנצן אויסגעשלאָסן פון דער געזעלשאַפט. ווען מיר לערנען די פרשת־עקדה, שטויסן מיר זיך אָן אויף אַ מערקווירדיקן פּרט. דער רבש״ע האָט געזאָגט אברהמ׳ען: „קח נא את בנך את יחידך אשר אהבת את יצחק ולך לך אל ארץ המוריה״. אברהם איז אויף מאָרגן אינדערפרי אויפגעשטאַנען און איז אַרויס אין וועג: „וישכם אברהם בבקר ויחבש את חמורו ויקח את שני נעריו אתו ואת יצחק בנו ויקם וילך אל המקום אשר אמר לו הא־לקים״. ווייזט אויס, אַז אברהם האָט ניט געוואָלט גיין אַליין; ער האָט מיטגענומען צוויי נאָענטע פריינט אַלס באַגלייטערס: איינער איז געווען, לויט דער מסורה פון חז״ל, זיין זון ישמעאל, און דער אַנדערער — זיין געטרייער פאַרוואַלטער, אליעזר. פונדעסטוועגן דערוויסן מיר זיך פון דער פרשה, אַז ווען אברהם האָט זיך דערנענטערט צום הר המוריה: „ביום השלישי וישא אברהם את עיניו וירא את המקום מרחוק״, האָט ער אָפּגעבראָכן די געזעלשאַפט און האָט געהייסן זיינע צוויי נערים זיך אָפּ־שטעלן: „ויאמר אל נעריו שבו לכם פה עם החמור ואני והנער נלכה עד כה ונשתחוה ונשובה אליכם״.

פרעגט זיך: ווייבאַלד אברהם האָט ניט געוואָלט, אַז זיינע שני נעריו זאָלן בייוואוינען די עקדה, פאַרוואָס האָט ער זיי בכלל מיטגענומען? צווייטנס, פאַרוואָס האָט ער זיי געהייסן וואַרטן אויף אים און יצחק׳ן — „שבו לכם פה עם החמור ואני והנער נלכה עד כה״?

מיר דוכט זיך, אַז די צוואה פון אברהמ׳ען שפּיגלט אָפּ אַ גאַנצע השקפת עולם בנוגע אונדזער פאַרהעלטעניש צו אידן, וועלכע זיינען ניט קיין שומרי מצוות. די פאַרהעלטעניש וואָס אברהם האָט פּראַקטיצירט איז געווען אַ זייער מערקווירדיקע; זי האָט ניט באַרוט אויף פולקאָמענע פּרישה. דער וועג צום הר המוריה איז לאַנג און שלענגלט זיך אויף בערג און

דורך טאָלן, פול מיט נחשים ועקרבים און ווילדע כנענים, וועלכע האָבן געלויערט אויף אברהמ׳ען און יצחק׳ן. כדי אברהם זאָל קענען דערגיין צום הר המוריה בשלום, כדי ער זאָל קענען מקדש זיין דעם וויסטן באַרג און אָנרופן אים „ד׳ יראה אשר יאמר היום בהר ה׳ יראה", האָט ער געמוזט האָבן הילף אַפילו פון ישמעאל׳ן און אליעזר׳ן, וועלכע האָבן ניט געגלויבט דווקא אין דער קדושה און האָבן ניט פאַרשטאַנען די מסירת־נפש, מיט וועלכער אברהם האָט געדינט דעם רבש״ע, אָבער וועלכע, ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק, האָבן מיטגעאַרבעט מיט אברהמ׳ען און אים באַגלייט צום הר המוריה. „וישכם אברהם בבקר ויחבוש את חמורו ויקח את שני נעריו אתו". ווען אברהם אבינו וואָלט פּראַקטיצירט די שיטת הפרישה און וואָלט אַרויס אין וועג אַליין, — ווער ווייס צי ער וואָלט דערגרייכט „אל המקום אשר אמר לו הא־לקים". „טובים השנים מן האחד והחוט המשולש לא במהרה ינתק". פרעגט ניט קיין קשיות, פאַרוואָס האָט די השגחה אַזוי מסבב געווען, אַז ישמעאל און אליעזר זאָלן דאַרפן העלפן אברהמ׳ען, באַגלייטן אים אויפן וועג צום הר המוריה, צו קדושה, צו ה׳ יראה. אַזוי איז געווען דער רצון השם מיט טויזנטער יאָרן צוריק, אַזוי איז דער רצון השם נאָך איצט. עפּעס איז דאָ אין אברהמ׳ס באַדינער, אפילו אין ישמעאל׳ן און אליעזר׳ן, וואָס בינדט זיי צו צו אברהמ׳ען, אפילו ווען זיי פאַרשטייען ניט דעם זקן.

מיינט עס, אַז עס איז ניט געווען קיין מחיצה צווישן די שני נערים פון איין זייט און אברהמ׳ען פון דער אַנדערער? ח״ו. אמת, אברהם האָט ניט געהאַלטן פון שיטת הפרישה, אָבער פולקאָמע אחדות, אחוה, האָט ניט געקענט זיין כל זמן די שני נערים זיינען ניט געווען גרייט צו בוקן זיך פאַרן רבש״ע אויפן הר המוריה. אברהם מיט די נערים זיינען געגאַנגען צוזאַמען אַ באַשטימטן מרחק, אָבער ביי אַ געוויסן פונקט אויפן וועג צום הר המוריה איז די חבורה אָפּגעבראָכן געוואָרן און אברהם האָט זיך געזעגנט מיט די שני נערים און האָט געזאָגט צו זיי: „שבו לכם פה עם החמור"; ווייטער קענט איר אונדז ניט באַגלייטן, ווייטער בלייב איך מיט יצחק׳ן אַליין. איך דאַנק אייך פאַר אייער געזעלשאַפט ביז איצט, פאַר אייער הילף און אונטערשטיצונג, אָבער פון דאַנען אָן זיינען מיר אויס שותפים, פון דעם מאָמענט אָן איז מיין לאָזונג פרישה. „שבו לכם פה עם החמור ואני והנער נלכה עד כה ונשתחוה"... אמת, איך גלויב אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען איר וועט מיך אינגאַנצן פאַרשטיין און מיר וועלן אַלע זיין פאַרבונדן אין איין חבורה, „ונשובה אליכם". אָבער דער גליקלעכער מאָמענט איז נאָך דערווייל ווייט. דעריבער זייט מיר געזונט לפי שעה און אַ יישר־כח. פלוצלונג זיינען אברהם און

יצחק פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין בודדים, וועלכע האָבן געבעטן זייערע באַגלייטערס צו וואַרטן אויף זיי, ווייל דער טאָג פֿון התגלות וועט קומען און דאַן וועט די אחדות־אידייע רעאַליזירט ווערן אינגאַנצן.

איר מיינט, אַז עס איז פשוט אזוי צו האַנדלען, אַזוי צו זאָגן צו חברים און פריינט, מיט וועמען מען האָט געוואַנדערט דריי טעג און דריי נעכט? איר מיינט, אַז עס איז זייער אָנגענעם צו דערקלערן צו די שני נערים, אַז פון דעם מאָמענט אָן קענען מיר מער ניט מיטאַרבעטן, און אַז די וועגן צעטיילן זיך? דענקט איר, אַז עס נאַטירלעך צו זאָגן די שני נערים, אַז חוץ די עקאָנאָמיש־פּאָליטישע און מיליטערישע אינטערעסן, האָבן אברהם און יצחק אויך אַנדערע אַספּיראַציעס, אַנדערע וויזיעס, אַנדערע פּלענער און אַנדערע הבטחות, וועלכע זיי, די נערים, קענען ניט פֿאַרשטיין? איר קענט אייך משער זיין, אַז די נערים האָבן זיך געפילט באַליידיקט, אַז זיי האָבן באַשולדיקט אברהמ׳ען און יצחק׳ן אין סעפּאַראַטיזם, אין גאווה, אין פּאָליטיק, א.א.וו. ווער עס האָט דעם מוט צו זאָגן „ביום השלישי״ — שבו לכם פה עם החמור ואני והנער נלכה עד כה ונשתחוה״, בויט א גרויסן מזבח, אויף וועלכן ער ברענגט קרבנות פון עלבון און בדידות.

יאָ, רבותי! מיר, חברים פון מזרחי, פּראַקטיצירן די שיטה, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן דורך אברהמ׳ען אין זיין דערקלערונג צו די שני נערים. כדי צו בויען מדינת־ישראל, גייען מיר צוזאַמען מיט אַלע פּאַרטייען, ווייל מיר גלויבן, אַז מדינת־ישראל איז דער וועג, וואָס פירט צום הר המוריה, און ווייל מיר וויסן אויך, אַז אַליין קען אונדזער רייזע אויף דעם וועג ניט מצליח זיין. דעריבער זיינען מיר מקיים דעם „ויקח את שני נעריו עמו ואת יצחק בנו ויקם וילך אל המקום אשר אמר לו הא־לקים״. מיינט עס, אַז מיר גייען מיט אַלעמען צום הר המוריה, און מיר זיינען גרייט צו לאָזן די שני נערים מחלל זיין די קדושה פון הר המוריה און זיך בוקן צו אַלע עבודות זרות? ניין, ווען עס קומט צום הר המוריה, צו הלכות אישות, צום חינוך, צו שמירת שבת, צו מאכלות אסורות, צו רבנות או הוראה, צו „מיהו יהודי?״ — דערקלערן מיר שטאָלץ צו די צווי נערים, ווער זיי זאָלן ניט זיין אין דער קאָאַליציע מיט אונדז: „שבו לכם פה עם החמור ואני והנער נלכה עד כה ונשתחוה״. די קדושת הר המוריה מוז אָפּגעהיטן ווערן כדין וכדת; נאָר מיר, די שומרי מסורת, וויסן ווי צוצוגייין צום הר המוריה, ווי צו בוקן זיך צום רבש״ע, ווי צו בויען א בית המקדש. „שבו לכם פה עם החמור״. בנוגע די אלע אינטערעסן אַרבעטן מיר צוזאַמען, אָבער עס זיינען ניטאָ קיין פשרות בנוגע דעם „המקום אשר אמר לו הא־לקים״, בנוגע דער ענדגילטיקער מטרה פון אונדזער צוויי טויזנט־יעריקער רייזע צוריק קיין ארץ־ישראל, בנוגע דעם „כה״ (דעם תכלית פון אַלץ!).

ט.

## די חשיבות פון אונזער אַרבעט

דעם שכר וואָס מיר קריגן דערפאַר, ווייסט איר אַלע. איך מוז פעסטשטעלן אָפן: מען רעדט אַלץ, אַז מען וויל פאַרמיידן אַ קולטור־קאַמף אין ארץ־ישראל. עס איז אַ טעות. דער קולטור־קאַמף האָט זיך שוין לאַנג צעפלאַקערט. ווער עס לייענט די סעקולערע פרעסע אין א״י און געוויסע אַרטיקלען וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט דאָ, אין דער אַנגלאָ־אידישער פרעסע, וועגן די רעליגיעזע אידן און דער רבנות אין ארץ־ישראל, דערמאָנט זיך אָן ליטוואַקאוו׳ס מאָסקווער „עמעס״ פון די צוואַנציקער יאָרן.

ווער טראָגט די משא? ווער ווערט אַטאַקירט? די וואָס וואַרפן שטיינער? ניין. אויף זיי איז קיינער ניט אין כעס, ווייל קיינער האָט פאַר זיי קיין מורא ניט. אדרבא, מען באַטראַכט זיי ווי עקזאָטיש־פיקאַנטע טיפּן, וועלכע דינען אַן אַטראַקציע פאַר טוריסטן. באַליידיקן טוט מען אונדזערע חברים פון מזרחי, וועלכע זיינען דער אַוואַנגאַרד פון רעליגיעזן אידנטום אין ישראל און וועלכע טוען פונקט ווי אברהם האָט אַמאָל געטאָן: אַ טייל וועג גייען זיי צוזאַמען מיט אַלע סעקולערע פאַרטייען, און פלוצלונג גיבן זיי אַ זאָג צו די שותפים אין דער קאָאַליציע: „שבו לכם פה עם החמור ואני והנער נלכה עד כה ונשתחוה ונשובה אליכם״.

מורי ורבותי: אין דעם אויסגאַנג פון דעם קאַמף וועגן דת און מדינה איז אָפּהענגיק דער גורל פון אידישקייט אין דער גאַנצער וועלט. ווייל אויב, ח״ו, מען זאָל אין ארץ־ישראל מבטל זיין רעליגיעזע חופה וקידושין, אָפּשאַפן די אַלע שטאַט־אָרדינאַנצן וועגן שבת, וועלן די אַזוי־גערופענע פאַרטרעטער פון דער שיטה פון פירוד הדת מן המדינה גיין ווייטער; מען וועט אויך אָפּשאַפן דעם רעליגיעזן חינוך, און אפשר נאָך און נאָך. עס איז אויך מעגלעך, אַז דער זונטאָג זאָל ווערן דער רו־טאָג, אַז דער גאַנצער קאַלענדאַר זאָל געענדערט ווערן. מיר טאָרן זיך ניט שפּילן אין נאַרישע פראַזן וועגן "Separation of church and state". דער שיקזאַל פון יהדות שטייט אין קאַן, און אונדזער באַוועגונג איז דער שומר, וועלכער היט די חומות ירושלים.

דער כח פון אונדזערע פאַרשטייער אין ארץ־ישראל וואָלט געוועזן אַסך שטאַרקער, ווען אונדזער באַוועגונג וואָלט געוואַקסן דאָ. יעדער פון אונדז — באַלעבאַטים, רבנים, יונגע און אַלטע — מוז זיך אַנשליסן אין דער באַוועגונג, ווייל דורך אונדזער פאַרבינדן זיך מיט זיי, מאַניפעסטירן מיר, אַז מיר שטייען אַלע כאיש אחד חברים פאַר אַן ארץ־ישראל וואָס האָט

קדושה, פאר דער לאָזונג: „שבו לכם פה עם החמור ואני והנער נלכה עד כה ונשתחוה". ארץ־ישראל וועט אָדער זיין אַ גרויסער קאָנסטרוקטיווער פאקטאר אין קיום האומה, אָדער ח"ו אויסאיבן אַ נעגאַטיוון איינפלוס. אויב דבורה האָט געזאָגט: „אורו מרוז אמר מלאך ה' אורו ארור יושביה כי לא באו לעזרת ה' בגבורים" בשעת דער נצחון איבער סיסרא'ן איז שוין געווען זיכער, וואָס זאָלן מיר זאָגן, וועלכע שטייען נאָך אַלץ בקשרי המלחמה? עס איז ניט קיין אונטערשייד ווער מרוז איז: אַ כוכב, אַ לייכ־טנדיקער שטערן, אָדער אַ גברא רבא, אַ גרויסער און איינפלוסרייכער מענטש, וועמען עס איז ניט אָנגעשטאַנען זיך אָנצושליסן אָן די גבורים וועלכע האָבן גע־קעמפט פאַרן נצח ישראל. דער מזרחי בויט דעם מזבח פון „שבו לכם פה עם החמור ואני והנער נלכה עד כה ונשתחוה", און מיר אַלע מוזן ארומרינגלען דעם מזבח: „ארחץ בנקיון כפי ואסובבה את מזבחך".

## י.

## אלא שיש לפני שתי דרכים

אוודאי מאַכן מיר טעות'ן, אַוודאי באַגייען מיר עוולות, אַוודאי האַנדלען מיר ניט אַלעמאָל ריכטיק. מיר שטייען אין קאַמף, מיר זיינען אַ לעבעדיקע באַוועגונג, און אַזאַ באַוועגונג מוז מאַכן פעלערן. איך האָב שוין אַמאָל געזאָגט, אַז עס זיינען דאָ שאלות אויף וועלכע מען קען קיין גלאַטן פסק אין ש"ע ניט געפינען; מען מוז אָפּ'פסק'ענען אינטואיטיוו. אַסך מאָל ווייס מען ניט צי מען האָט גע'פסק'נט ריכטיק אָדער ניט. פאַר נעגאַ־טיווסטן און עקסטרעמיסטן איז זייער לייכט צו אַנטשיידן אַלערליי פּראָבלעמען. זיי זעען די גאַנצע וועלט אין קאָלירן פון ווייס און שוואַרץ. פאַר אונז, אָבער, איז אַסך מאָל זייער שווער צו אַנטשיידן, צי מיר האָבן דערגרייכט דעם גבול ביי וועלכן מיר דאַרפן זיך געזעגענען מיט די „שני נערים" און זיי זאָגן „שבו לכם פה עם החמור ואני והנער נלכה עד כה". מיר האָבן יאָרן־לאַנג געקעמפט צהאַמען מיט די „שני נערים" און אונזער בלוט האָט זיך אויסגעמישט אויף די שלאַכטפעלדער פון נגב און צפון; אונזערע קברים געפינען זיך אויף דיזעלבע מיליטערישע בתי־קברות, און אונזערע קבוצים זיינען אין שכנות איינע מיט די אַנדערע. ווער קען פרעטענדירן צו האָבן אפילו אַ ניצוץ פון דער נביא'ישער קלאָרקייט און הערצאַישער הכרעת הדעת פון אברהם אבינו? ממילא קענען מיר קיינמאָל ניט באַהויפּטן מיט זיכערקייט, אַז מיר האָבן אין באַשטימטע סיטואַציעס געהאַנדלט הונדערט פּראָצענט ריכטיק. דערפאַר זאָגן מיר אָפּט וידוי און שלאָגן זיך על־חטא.

די גמרא (ברכות כ"ח, ב) דערציילט: „וכשחלה ריב"ז נכנסו תלמידיו לבקרו. כיון שראה אותם, התחיל לבכות. אמרו לו תלמידיו: נר ישראל, עמוד הימיני, פטיש החזק — מפני מה אתה בוכה? א"ל: אילו לפני מלך בשר ודם היו מוליכין אותי, שהיום כאן ומחר בקבר, שאם כועס עלי — אין כעסו כעס עולם, ואם אוסרני — אין איסורו איסור עולם, ואם ממיתני — אין מיתתו מיתת עולם, ואני יכול לפייסו בדברים ולשחדו בממון, — אעפ"כ הייתי בוכה; ועכשיו שמוליכין אותי לפני ממ"ה הקב"ה, שהוא חי וקיים לעולם ולעולמי עולמים, שאם כועס עלי — כעסו כעס עולם, ואם אוסרני — איסורו איסור עולם, ואם ממיתני — מיתתי מיתת עולם, ואיני יכול לפייסו בדברים ולא לשחדו בממון, ולא עוד: אלא שיש לפני ב' דרכים — אחת של ג"ע ואחת של גיהינום, ואיני יודע באיזה מוליכים אותי, ולא אבכה?".

פרעגן אַלע: צוליב וואָס האָט ער גערעדט צולייגן „ולא עוד: אלא שיש לפני ב' דרכים"? דרשנים ענטפערן דערויף, אַז ריב"ז האָט אין דעם לעצטן זאַץ „ולא עוד" אָנגעוואונקען אויף אַ גרויסן חשש, וואָס האָט געעגבערט זיין מח די אַלע יאָרן נאָכן חורבן ביהמ"ק, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין יבנה. ער האָט אַמאָל אָפּגע'פסק'נט אַ שאלה חמורה און ניט געווען הונדערט פראָצענט זיכער, צו זיין פסק איז געווען דער אינציק־ריכטיקער.

ווען אספסינוס קיסר האָט אַ זאָג געטאָן צו ריב"ז: „אלא בעי מנאי מידי דאתן לך", האָט ר' יוחנן בן זכאי גלייך געענטפערט: „תן לי יבנה וחכמיה" וכו'. דערציילט די גמרא, „קרי עליה ר' יוסף ואיתימא ר' עקיבא: 'משיב חכמים אחור ודעתם יסכל'. איבעי ליה למימר ליה לשבקינהו חדא זימנא", — ער האָט דאָך געקענט בעטן די הצלה פון ירושלים און דעם ביהמ"ק. און די גמרא דערציילט, אַז ריב"ז האָט בשעת מעשה געטראַכט: „דלמא האי לא עביד, והצלה פורתא נמי לא הווי". אין אנדערע ווערטער: אַזאַ גרויסע בקשה ווי הצלת ירושלים וואָלט אָפּגעוואָרפן געוואָרן פון אספסינוס קיסר, במילא וואָלט דאָס אידישע פאָלק פאַרלוירן ביידע — ירושלים און די חכמי יבנה. אָט־די הכרעה האָט ריב"ז געדאַרפט פאַסן אין איין סעקונדע. דער באַשלוס איז געווען אינטואינטיוו. ווער האָט דאַן געקענט פאָרויסזאָגן ווי אַזוי אַספסינוס וואָלט רעאַגירט אויף דער בקשה פון הצלת ירושלים. די שאלה איז געווען אַ שאלה חמורה, אפשר די שווערסטע שאלה אין דער אידישער געשיכטע, און אָפּ'פסק'ענען האָט איר ריב"ז געדאַרפט אַליין, אָן ישוב־הדעת מיט זיינע חברים, תוך כדי דיבור! ממילא איז ער קיינמאָל ניט געווען זיכער, צי ער האָט מכריע געווען ריכטיק. פון איין זייט האָט זיך אים געדוכט, אַז ער וואָלט דאָך געקענט פועל'ן ביי אספסינוס'ן

הצלת ירושלים, ווי ר׳ יוסף און ר׳ עקיבא האָבן געהאַלטן. זיין האַרץ פלעגט בלוטיקן פאַרוואָס ער האָט עס ניט געבעטן. פון דער אַנדער זייט האָט ער געטראַכט: מען האָט ניט געטאָרט שטעלן אין ספק סכנה די חכמי יבנה און די תורה שבע״פ. ווי דער ביהמ״ק זאָל ניט זיין הייליק און וויכטיק, איז דער קיום האומה ניט אָפּהענגיק פון אים. אָבער אָן תושבע״פ וועט די אומה ניט קענען עקזיסטירן אפילו אַ קורצע צייט. וויפל צער און עגמת־נפש, וויפל יסורים און אגינות־הדעת, וויפל שלאָפלאָזע נעכט און פאַראומערטע טעג האָט רבי יוחנן בן זכאי דורכגעמאַכט צוליב דעם ספק, קענען מיר זיך גאָרניט פאַרשטעלן. אין די לעצטע מאָמענטן פון זיין לעבן, ווען ער האָט זיך געזעגנט מיט זיינע תלמידים, האָט ער באַטאָנט, אַז — חוץ אַלץ — האָט ער באַזונדערס מורא פאַר דעם דין־וחשבון, וואָס ער וועט דאַרפן אָפּגעבען דעם רבש״ע פאר דער הכרעה אין דער שאלה. עס זיינען געווען צוויי דרכים: איינער — דער ריכטיקער, דער צווייטער — דער פאַלשער. איינער פירט אין ג״ע, דער אַנדערער — אין גיהינום. אָבער קיין ילוד אשה קען ניט וויסן, בנוגע אַזעלכע הכרעות, צי ער איז געגאַנגען אויף דעם ריכטיקן, אָדער אויף דעם פאַלשן, דרך.

יאָ, רבותי; אויב דער גרויסער ר׳ יוחנן בן זכאי האָט געהאַלטן אין איין מתוודה זיין זיך אויף יענער היסטאָרישער הכרעה, דאַרפן מיר אַוודאי שטענדיק האָבן אין זינען די גרויסע דילעמא פון שתי דרכים און זיך קיינמאָל ניט באַרימען, אַז מיר האָבן אַלעמאָל געהאַנדלט ריכטיק.

ווי אברהם בשעתו, זיינען מיר מתפלל צום רבש״ע (ויקרא אברהם שם המקום ההוא — טייטשט דער תרגום: וצלי אברהם) ה׳ יראה, דער רבש״ע זאָל זען אונדזער צער, אונדזערע כוונות, אונדזער עלבון, די מסירת נפש וואָס מיר מאַכן דורך פון צייט צו צייט בשעת מיר מוזן זאָגן צו די „שני נערים״: „שבו לכם פה עם החמור ואני והנער נלכה עד כה״, און ער זאָל מוחל זיין אונדזערע טעות׳ן.

די טעות׳ן שטאַמען פון ליבע צום בורא עולם און צו תורה. „אשר יאמר היום בהר ה׳ יראה״. אונדזערע אידעאַלן און אספיראַציעס, וועלכע מיר פרעדיקן און פאַר וועלכע מיר פירן מלחמות היינט אונטער זייער אומגינסטיקע אומשטענדן, „יראה״, זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן. אַלע — אברהם, יצחק, און אויך די שני נערים — זאָלן פלוצלונג דערזען „את המקום מרחוק״ און צוזאַמען מאַרשירן צום הר המוריה.

# די פרייד פון יצירה *

דער פסוק אין ישעיה, פ׳ מ׳ זאָגט: „ויעפו נערים ויגעו ובחורים כשל יכשלו, וקווי ה׳ יחליפו כח יעלו אבר כנשרים ירוצו ולא יגעו ילכו ולא יעפו״.

עייפות און יגיעה זיינען צווי שמות הנרדפים אין העברעאיש, אָבער ס׳איז דאָ אַ גרונטזעצליכער אונטערשייד צווישן זיי. „עייף״ באַציט זיך שטענדיג אויף מידקייט וואָס קומט פון דורכפאַל, פון אַרבעטן און ניט זען קיין מזל־ברכה, פון אָנשטריינגען זיך און ניט פאַרווירקליכן וואָס מען האָט געוואָלט; פון פאַרשווענדן ענערגיע און כחות־הנפש אויף גאָרנישט. מען קען אפילו אַמאָל זיין עייף פון בטלה.

דער מאָדערנער אידיאָם פאַר עייפות איז לאַנגווייל, Boredom. לאַנג־ווייליגקייט איז שטענדיק אַ רעזולטאַט פון ניט־שעפערישקייט, פון טאָן גאָרניט אָדער פון טאָן אַסך און ניט אויפטאָן קיין זאַך.

„ויבא עשו מן השדה והוא עייף״. עשו איז געקומען אַ פאַרמאַטערטער פון פעלד, וויל ער האָט גאָרניט געלייסטעט. חז״ל זאָגן, אַז דאָס וואָס ער האָט יאָ געטאָן איז געווען עבירות. ווען אַ מענטש פאַלט דורך און פירט אַ לעבן פון עקרות, פון פרוכטלאָזיגקייט, איז ער שטענדיק עייף.

יגיעה שטעלט מיט זיך פאַר פונקט דעם היפך. עס באַציט זיך אויך אויף מידקייט, אָבער די מידקייט פון יגיעה איז אַנדערש ווי די פון עייפות. יגיעה איז אַ תוצאה פון אַרבעט, אין וועלכער דער מענטש האָט געזען מזל־ברכה און וועמענס פרוכט ער געניסט. דער צושטאַנד פון יגיעה איז אַ באַפרוכפערנ־דיקער, אַ באַרואיקנדיקער. דער מענטש איז צופרידן מיט זיך און מיט זיין עקסיסטענץ. ער ווייסט, אַז ער האָט עפּעס מחדש געווען, עפּעס געשאַפן, אַז זיין לעבן האָט אַ צוועק און אַז זיין עקסיסטענץ האָט אַ ווערט, וויל ער איז שעפעריש און קאָנסטרוקטיוו. „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך״. די מידקייט וואָס איז פאַרבונדן מיט לערנען תורה ווערט אָנגערופן יגיעה, ניט עייפות. מיט איין וואָרט: בשעת עייפות סימבאָליזירט פרוסטראַציע, און באַרויבט

*) דאָס איז דער פולער טעקסט פון דער שריפטליכער באַגריסונג, וואָס דער רב שליט״א האָט צוגעשיקט צו דער 57טער יערליכער קאָנווענשאָן פון מזרחי־הפועל המזרחי, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן י״ז—כ״א כסלו, תשכ״ז.

דעם מענטשן פון שמחת־הנפש, שטעלט מיט זיך יגיעה פאַר שעפערישקייט און אינערליכע באַפרידיקונג.

„ואתה עיף ויגע ולא ירא א׳״. אין מחנה ישראל, בשעת עמלק איז זי באַפאַלן, זיינען געווען בײדע טיפּן — עייפים און יגעים.

דער ערב־רב, וואָס האָט ניט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון גאולת מצרים און קריעת ים־סוף און האָט אויך ניט איבערגעלעבט ווי עס דאַרף זיין גלוי־שכינה אויפן ים, איז געווען עייף, פאַרמאַטערט, ניט וויסנדיק פאַרוואָס ער דאַרף זיך שלעפּן אין דעם מדבר, אָן וואַסער און אָן די מאכלים פון דעם „סיר הבשר״ אין מצרים. אין רפידים האָט ער גע׳טענה׳ט און זיך געקלאָגט און געוואָלט פּרואוון דעם רבש״ע. די עייפים זיינען געווען דער הויפּט־ציל פון עמלק׳ס אָנגריף. „ויזנב בך כל הנחשלים אחריך״.

פון דער אַנדער זייט, זיינען אויך געווען יגעים, די אידן וועלכע האָבן מיטגעזונגען מיט משה׳ן „אז ישיר״, געזען התגלות הבורא און געוואַרט אויפ׳ן גרויסן מאָמענט פון מתן־תורה. די הויפּט שנאה פון עמלק איז געווען געריכטעט קעגן זיי, ווייל אין זיי האָט ער געזען די געפערליכסטע קעגנער פון זיין שיטה. אמת, אַטאַקירן האָט ער אַטאַקירט די „עייפים״, די נחשלים; טרעפן אָבער האָט ער געוואָלט די „יגעים״.

אין בײדע געמיטס־צושטאַנדן איז דאָ אַ געפאַר. עייפות קען פירן צו יאוש און רעזיגנאַציע. זי קען באַרויבן דעם מענטשן פון דעם רצון צו פּרובירן ווייטער און אָנהויבן פונדאָסניי דעם זעלבן פּראָיעקט, אין וועלכן ער האָט קיין מזל־ברכה ניט געזען.

יגיעה, פון דער אַנדער זייט, קען פאַראורזאַכן אַ געפיל פון זעלבסט־צופרידנקייט און זעלבסט־באַרעכטיקונג, אַזוי אַז דער יגע איז עלול צו טראַכטן, אַז ער האָט שוין אויפגעטאָן גענוג און דאַרף שוין מער ניט מחדש זיין.

סיי דער יאוש פון עייפות און סיי די שמחה פון יגיעה קענען אַמאָל אָפּהאַלטן דעם מענטשן פון דערפילן זיין חוב בשלמות.

דאָס זאָגט דער פּסוק: „וקווי ה׳ יחליפו כח יעלו אבר כנשרים, ירוצו ולא יגעו ילכו ולא יעפו״. ווען די קווי ה׳ וועלן לויפן, ד. ה. בשעת זיי וועלן מצליח זיין, דעקן שנעל אַ ווייטן מרחק; זיי וועלן כובש זיין לאַנגע שטרעקן, זיי וועלן פאַרווירקליכן כמעט אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט, וועלן זיי ניט אַריינפאַלן אין דער שיכרות פון דער יגיעה, — ולא יגעו. זייער צושטאַנד פון צופרידנקייט, זייער ענטוזיאַזם בנוגע זייערע לייסטונגען וועט זיי ניט אָפּהאַלטן פון פאַרזעצן די פאַרווירקליכונג פון דער גרויסער אויפגאַבע, וואָס איז כמעט אונענדליך. זיי וועלן פאַרשטיין, אַז וואָס מער זיי האָבן געלייסטעט און אויפגעטאָן,

אַלץ מער זיינען זיי פאַרפּליכטעט צו ממשיך זיין זייער וועג און טאָן נאָך מער און לייסטען נאָך מער.

אָבער די קווי ה׳ האָבן נאָך אַ מעלה — אַז אפילו אין מאָמענטן פון קריזיס און דורכפאַל, פון „ילכו״, פון גיין לאַנגזאַם, שריט ביי שריט, פון באַוועגן זיך עקב בצד אגודל צוליב די גרויסע מכשולים און מעכטיקער אָפּאָזיציע; אפילו אין דער צייט ווען אסך פלענער וועלן צושמעטערט ווערן און אסך האָפענונגען וועלן צערונען ווערן, — וועלן זיי ניט באַהערשט ווערן פון דער שטימונג פון „יעפו״, פון פאַרצווייפלונג או יאוש. טראָץ דעם לאַנגזאַמען גיין — „ילכו״ — וועלן זיי זייער וועג פאָרזעצן; טראָץ זייער צייטווייליקער נידערלאַגע וועלן זיי פּרובירן נאָכאַמאָל, און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל! „ירוצו ולא יגעו, ילכו ולא יעפו״. ניט די שמחה פון „ירוצו״, פון לויפן און באַוועגן זיך שנעל, פאַרשיכורט זיי, און ניט דער צער פון „ילכו״, פון לאַנגזאַמען קריכן און מינימום דערפאָלג, וואַרפט זיי אַריין אין אַ מצב פון יאוש.

אונזער באַוועגונג האָט אוודאי אַ רעכט צו זיין מיד; מיד פון אַרבעט, מיד פון טירחא, מיד פון קאַמף און מיד פון פריידיקן צום רעליגיעזן אידנטום אהבת ישראל און בנין הארץ. אויך אונזער מידקייט איז אַ טאָפּלטע — זי איז סיי יגיעה און סיי עייפות.

יגיעה — מיר זיינען באַרעכטיקט צו קאָנסטרוקטיווער, שעפערישער מידקייט און שמחת־הנפש. מיר האָבן אסך געלייסטעט די לעצטע זעכציג יאָר בכלל און די לעצטע 18 יאָר, זינט דער תקומת המדינה, בפרט. מיר זיינען געווען אין דער בחינה פון „ירוצו״. אַ גרויסע שטרעקע האָבן מיר דורכגעמאַכט. ווען ניט די מזרחי־באַוועגונג וואָלט דער רעליגיעזער אידנטום בכלל ניט געווען איינגעגלידערט אין בנין־הארץ, און דאָס וואָלט געווען אַ פלעק אויף דער געשיכטע פון רעליגיעזן אידנטום, וואָס קיינע דרשות, און פשט׳לעך און מליצות וואָלטן ניט געקענט אָפּוואַשן.

דער מזרחי איז געווען ווי רבי חנינא בן דוסא, וועגן וועלכן דער מדרש דערציילט, אַז „ראה שהכל מעלים נדרים ונדבות לירושלים״, אַז אַלע חוץ אים, וואָס אין זיין זכות עקסיסטירט דער כלל ישראל (אין העולם ניזון אלא בשביל חנינא בני), שטייערן־ביי צום בית המקדש. ווי רבי חנינא בן דוסא זיינען מיר אויך אַרויס אין מאַרק, געפונען אַ שטיין און, מיט דער הילף פון מלאכים, האָבן מיר דעם שטיין געשלעפּט קיין ירושלים. ווען נישט דאָס, וואָלט די געשיכטע געשריבן, אַז רבי חנינא בן דוסא האָט קיין חלק ניט אין בנין הארץ. מיר האָבן אויפגעשטעלט צענדליקע נקודות התישבות, מיר האָבן זיך באַטייליקט אין דער מלחמת העצמאות, מיר האָבן רעקרוטירט רעליגיעזע חלוצים און

פאַרוואַנדלט דעם מדבר אין אַ גן־ה׳, אַזוי אַז די געשיכטע וועט ניט קענען אַריבערגיין בשתיקה אויף אונזער אָנטייל אין בנין־הארץ.

מיר זיינען באַרעכטיקט צו יגיעה, צו קאָנסטרוקטיוו־שעפערישער מיד־קייט מחמת אונזער ריזיק־הערואישער אַרבעט אין די לעצטע 18 יאָר זינט תקומת המדינה, ווען אונזער באַוועגונג — און נאָר אונזער באַוועגונג, און ניט קיין אַנדערע — האָט אונדערמידליך געקעמפט פאַר אַ רעליגיעזער ארץ־ישראל. זי האָט אסך געוואונען דורך דעם קאַמף: העכער 200,000 קינדער אין רעליגיעזע שולן; דיני אישות און עניני המשפחה אין די הענט פון רבנים און יושבי על מדין; אַ גוט־אָרגאַניזירטע רבנות ראשית, כשרות אין דער אַרמיי, און אויך — אין אַ רעלאַטיווער מאָס — עפנטליכער שמירת שבת. מיר האָבן אַזוי מצליח געווען, אַז מען האָט שוין מורא פאַר אונז, און געוויסע סעקולאַריסטן שרייען וועגן „כפיה דתית״.

אָבער די קאָנסטרוקטיוו־שעפערישע יגיעה, די שמחת־הנפש, די זעלבסט־צופרידנקייט וועט אונז ניט פאַר׳שיכור׳ן און אונז אָפּהאַלטן פון ווייטערדיקער אַרבעט. פאַרקערט — מיר וועלן שעפּן מוט און ענערגיע פון דער איבערלעבונג פון קאָנסטרוקטיווער יגיעה. אויב מיר האָבן מצליח געווען אַריינצונעמען אַזוי פיל קינדער, וועלן מיר זיך באַמיען אַריינצונעמען מער; אויב מיר האָבן מצליח געווען מיט דער רבנות ראשית, וועלן מיר מיט אַלע כחות זיך באַמיען איר צו פאַרשטאַרקן און דערהויבן איר השפעה; אויב מיר האָבן מצליח געווען מיט אַזוי פיל קבוצים, וועלן מיר זיך אָנשטרייגנען צוצושטעלן נאָך מער חלוצים פאַר בנין־הארץ. מיר וועלן זיין אין דער בחינה פון „ירוצו ולא יגעו״.

אָבער, פון דער אַנדער זייט, זיינען מיר אויך באַרעכטיקט צו עייפות, ווייל מיר האָבן דורכגעמאַכט אַסך אונאַנגענעמע דערפאַרונגען, מיר האָבן דורכ־געלעבט אסך אַנטמוטיקנדיקע עפּיזאָדן. אסך מאָל האָבן מיר געפילט די עצבות און מעלאַנכאָליע פון פרוכטלאָזער אַרבעט, פון חלומות וואָס זיינען ניט מקוים געוואָרען און האָפענונגען וואָס זיינען ניט רעאַליזירט געוואָרן. מיר זיינען ניט נאָר אין דער בחינה פון יגע, נאָר אויך פון עייף.

אויף וועלכן געביט האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט עייפות, דערפאַלגלאָזיקייט און פרוסטראַציע? בנוגע וועלכע דערפאַרונגען זיינען מיר עייפים?

אויף צוויי געביטן זיינען מיר דורכגעפאַלן. ערשטנס — מיר האָבן ניט מצליח געווען צו קולטיווירן אַ געפיל פון רעספּעקט פאַר׳ן רעליגיעזן אידנטום אין די הערצער פון די סעקולערע אידן אין ארץ־ישראל.

ס׳איז זייער שווער צו דערקלערן די דערשיינונג, וואָס דוקא אין ארץ־ישראל, אין דער ארץ חמדת אבות, וואו אַלע אידן האָבן געדאַרפט זיין כאיש

אחד חברים, האָט זיך געשאַפן אַ שוידערליכער תהום צווישן די אַזוי־גערופענע חילונים און דתיים. באַשטימטע גרופן אין לאַנד (מיר האָפן אַז זיי זיינען קליין אין צאָל) פריידיקן, ווי אַנטיסעמיטן, שנאת הדת און שנאה צום רעליגיעזן אידנטום. מען באַנוצט זיך מיט בלבולים, מיט שקרים, מיט פשוט׳ע עלילות הדם. (די מעשה מיט דעם אינדייטמענט פון דעם באַאַמטן פון רעליגיאָנס־מיניסטעריום פאַר׳ן טויט פון׳ם סקולפּטאָר פּאלאמבא, איז כמעט אַ מין ביילים פּראָצעס).

אַסך מאָל, ווען מיר קומען פּנים־אל־פּנים מיט אַזעלכע פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגישע דערשיינונגען פון שנאה פון איין איד צום צווייטן, ווערן מיר באַהערשט פון עצבות און מעלאַנכאָליע, וואָס קען פירן צו יאוש און אַפּהענטיקייט.

צווייטנס — זיינען מיר אין דער בחינה פון עייפות בנוגע די באַציאונגען אינערהאַלב דער מחנה פון רעליגיעזן אידנטום. דאָרטן ווערט אויך געפּריידיקט כמעט שנאה צו מזרחי, צו די חברים פון אונזער באַוועגונג. מען האַלט אונז אין איין אַטאַקירן, אין איין קריטיקירן, אין אויסטראַכטן אַלערליי בלבולים און לשון־הרע׳ס. מען זאָגט אויף אונז, אַז מיר זיינען מוותר על עקרי הדת, אַז מיר מאַכן פּשרות בנוגע רעליגיעזע ענינים. כ׳גלויב, אַז די מענטשן וועלכע זאָגן עס וויסן גאַנץ גוט, אַז ווען ניט מיר און אונזער קאַמף פאַר תורה און יהדות וואָלט ארץ־ישראל געווען אַ סעקולערע מדינה דורך־און־דורך. אַלץ וואָס מיר האָבן אין ארץ־ישראל איז אַ רעזולטאַט פון אונזער שווייס און בלוט און אונזער גרייטקייט צו זיין נעלבים ואינם עולבים, שומעים חרפּתם ואינם משיבים.

דער אמת איז, אַז מיר קעמפן פאַר מאַקסימום פון אידישקייט, נאָר ניט אַלעמאָל איז די ברירה אין אונזערע הענט; ס׳איז דאָ אַן אַנדער שותף, וואָס איז שטאַרקער פון אונז, און מיר קעמפן אויס עד שידנו מגעת.

פון איין זייט — די שנאה פון אַטעאיסטיש־סעקולערע עלעמענטן אין לאַנד; פון דער אַנדער זייט — דער „ויראו אותו מרחוק ובטרם יקרב אליהם ויתנכלו״ פון אונזערע אייגענע ברידער פון רעליגיעזן לאַגער, איז זייער אַנטמוטיקנדיק און מיר זיינען באַרעכטיקט צו עייפות.

אָבער — „וקווי ה׳ יחליפו כח, יעלו אבר כנשרים; ירוצו ולא יגעו, ילכו ולא יעפו״. אַט־די טראַגישע צושפּליטערונג אין רעליגיעזן לאַגער און די טראַגיקאָמישע שנאה פון סעקולערע אידן צום רעליגיעזן אידן, וועט אונז ניט שטופּן צו יאוש און רעזיגנאַציע. אמת, מיר האָבן ווייניק אויפגעטאָן אויף דעם געביט, מיר זיינען אין דער בחינה פון „ילכו״, פון לאַנגזאַם באַוועגן זיך. אָבער — „לא יעפו״, מיר וועלן ניט אויפגעבן אונזער גרויסע האָפענונג אויף אחדות ישראל,

און מיר וועלן כסדר פרידיקן אהבת ישראל, פאַרשטענדניס פאַר אַלע אידן, אפילו ווען אַ איד באַגייט אַן עולה. מיר וועלן מקיים זיין „והוי דן את כל האדם לכף זכות" און מיר וועלן אויך מקיים זיין די תפלה פון „אלקי נצור לשוני מרע ושפתי מדבר מרמה ולמקללי נפשי תדום". מיט איין וואָרט: ניט די יגיעה וועט אונז פאַרוויגן אין אַ צושטאַנד פון מנוחה און זעלבסט־צופרידנקייט, און ניט די עייפות וועט אונז ברייגען צו יאוש.

וקווי ה' יחליפו כח!

לייענער, צוליב פאַרשטענליך־פערזענליכע טעמים קען איך דאָסמאָל זיך ניט באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ, אָבער גייסטיק־אידעאָלאָגיש בין איך מיט אייך. איך וועל, בעזה"ש, מיטאַרבעטן מיט אייך אויף אַלע געביטן.

תהא השכינה שורה במעשי ידיכם.

